משה גראַניטשטיין

# איך—די קלאַקע פון אידעאַל

(אַ געשיכטע פון אַלט און יונג)

M. Granitstein
c/o Gorodisky
Corrientes 5575
B. Aires
Rep. Argentina



בוענאָס איירעס
1 9 4

# ביכער פון משה גראַניטשטיין

## פּאָעזיע.

שטאַפּלען, לידער און געזאַנגען.

## פּובליציסטיק.

פון תחום צו תחום, זכרונות און באַטראַכטונגען איבערן שטעטל.

## דערציילונגען און נאָוועלן.

וואָס האָט געוואָלט פרוי גאָסטער?
פון ביידע זייטן בריק.
די אוואַנטורעס פון חבר האַמערל.
באָם וואַגזאַל.
באַשעלע. (אַ קינדער־נאָוועלע.)
צוריק צום געטאָ. (אַ פייער־פּראָבע.)
מענטשן פון באַגינען.
דער סאָלטעראָ. (אַ זאַמלונג.)
הארבסט־בלעטער. (אַ זאַמלונג.)
דער בעטלער, דער ליז, דער סאָציאַלער מענטש. (אַ קלינישע געשיכטע.)
די גאַנגרענע. (אַ געשיכטע פון ליבע און האַס.)
נאָראַ. (אַ געשיכטע פון ציניזם און גלויבן.)
איך — די קלאַסע פון אידעאַל. (אַ געשיכטע פון אַלט און יונג.)

## בילדער פון אַפּגייענדן שטעטל.

ערשטער באַנד — דאָס שטעטל רעדט.

## סאָציאָלאָגיע.

די מאַסע און אירע דערלייזער. (ווערטן־איבערשאַצונג.)
קורצע וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק.

## טרילאָגיע: פופציק יאָר אידיש לעבן אין אַרגענטינע.

באַלוואַנעווסע. (ראָמאַן אין צוויי טיילן.)
מסעות פליגלמאַן. (ראָמאַן אין צוויי טיילן.)
על חטא שחטאתי בראַטנפּאַרבאַנד. (ראָמאַן אין דריי טיילן.)

## מעמואַרן.

דער גענעאַלאָגישער בוים פון מיין בי־איכיזם. (אַפּנעשפּינלט מיינע ערשטע צוואַנציק ביר

חבר מאוריסיא גאזשאנסקי

צום אנדענק

אין אַ וואַרעמען פּרילינג־באַטאָג, אין אָקטאָבער־מאָנאַט, איז אין דעם קאָנסולטאַריע־הויז פון דר. לייבניץ — אַף אַ שיינער גאַס אין ב. איירעס, אין דער געגנט פון פּאַלערמאָ — אַריינגעקומען אַ טונקעלער אומרואיקער מאַן, אין די מיטעלע יאָרן, און זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אינעם אויפנאַם־צימער.

גראָד זענען געווען געציילטע עטלעכע קראַנקע — פאַר אים; און דער דאָקטער האָט אים אינגיכן אַריינגערופן.

— זיצט. וואָס איז אייער וואונטש?

דער דאָקטער — אַ בלאָנדער ליבלעכער יונגערמאַן — האָט אָנגעקוקט דעם אומבאַקאַנטן, וואָס פאַר אים. נאָר יענער האָט אים איצט באַטראַכט — אַזויווי פאַרשעריש; אַזש ער האָט זיך גענומען שפּירן אַף זיין אָרט — אומבאַקוועם עפּעס, גשטערט, ווי אַפּהענטיק; שוין נישט אַזוי רואיק מער, ווי ביז איצט און ווי, בכלל, עס איז זיין טבע געווען: צו זיין גוט, צוגעלאָזן, דינסט־גרייט צו יעדן... „וואָס קומט דאָ פאָר?!.” און דעם פרעמדנס שוואַרצע שאַרפע בליקן האָבן אַלץ אים נישט נאָכגעלאָזט; און כסדר אַליין זיך געמינעט: אין אומרו, טרויער, צווייפל, וואַרעמען אויפפלאַטער, צאָרן־אויפשפּיל, שניידיקן סאַרקאַזם, חוזק, שפּאָט, געלעכטער...

— דר.! עס זיצט פאַר אייך אַן אומגליקלעכער מענטש. אַ געפערלעך־קראַנקער — פיזיש און גייסטיק. אפשר, אַן אומהיילבאַרער... ווילט איר אים כאָטש אויסהערן?...

דער דאָקטער האָט זיך אַ רודער געטון אין זיין פאָטעל, קעגניבער דעם קראַנקן. ער איז געווען, אמת, פאַרינטריגירט. נאָר — ער האָט דאָס געמוזט מודה־זיין — נישט אינגאַנצן בא זיך, אַזויווי תמיד... ער האָט זיך אָנגעכמורעט, געמאַכט ערנסט...

— זאָגט, ביטע: וואָס איז אייך?...

— שווער אַף דעם צו ענטפערן גלייך... איר, דר, וועט מוזן האָבן מיט מיר אַסאַך גערולד. אַ, זייער אַסאַך. ווייל איך בין זייער אַ שווערער מענטש און דער עיקרשט, מיט מיין קרענק — אַ קאָמפּליצירטער... מענטשן אין מיין לאַגע שפּירן זיך, געוויינלעך, טיף־אומגליקלעך. אויך

אנדערע זאָגן וועגן זיי דאָס זעלבע. מע גיט אפילו צו: אַז נאָש בראַט, אַזוינע ווי מיר, זענען נישט אײַנגאַנצן בײַ די געדאַנקען..., יאָ; מע פאַרלייקנט עס גאָרנישט. מע באַהאַלט עס גאָרנישט אויס... איז, מסתמא, איז דאָס אַזוי. און, אַ וודאי, איז מיט מיר — אויך דאָס אייגענע...... וואָלט איך מיך דאָך באַדאַרפט פילן אומגליקלעך? האַ, ווי מיינט איר — ריכטיק? לאָמיר זאָגן: שוין דערפאַר אַליין, וואָס אַ וועלט מיט מענטשן, לויטערע און קלאָרע, האַלטן נישט מער פון מיין געדאַנק!... און דאָך — וועט איר מיך גלייבן? — הייבט זיך עס מיט מיר ניט אָן... און איר ווייסט — פאַרוואָס? — מאָדנע!: ווייל איך קוק עפּעס אַף זיך אַליין — אַזוי־ווי מן הצד!.. „ווירקלעך — קומט מיר פאָר, ווי איך קלער מיר: — איז עמיץ פאַראַן אין מיר, וואָס שפּירט זיך אומגליקלעך, נישט גוט; פילייכט — פאַרצווייפלט. נאָר, צי האָט דאָס אַזוי שטאַרק צו טון מ י ט מ י ר ? צי קאָן איך זיין זיכער אין דעם? ניין. איך ווייס ניט, לאָמיר־זשע עס נאָכאַמאָל איבערקלערן, עס פונדאַסניי באַאָבאַכטן, זיך גוט־גוט איבערלייגן — בעפאָר איך קום אַרויסטראָגן דעם ריכטיקן אורטייל איבער זיך אַליין... און ווידער — האָט זיך געטראַכט אין מיר ווייטער: — וואָס עפּעס מוז איך אַליין דאָס אַנטשיידן? וואו געפין איך מיך? אין אַ וואַלד, צווישן ווילדע? פאַרוואָס נישט צוגיין צו אַ גרויסן ספּעציאַליסט, זיך אויסטון פאַר אים מוטער־נאַקעט, פאַר אים זיך מתוודה־זיין; אים אויסדערציילן פון אַלץ, וואָס דו ווייסט; אפשר דאָך, וועט דאָס דיר העלפן?... אפשר דאָך?..."

— ... האַ, וואָס זאָגט איר, דר.? איר האָט עפּעס געזאָגט?... ניין. מיר האָט זיך, אַ וודאי, אויסגעדאַכט... יאָ. איז — ווי איר זעט — האָב איך א י ם געפאָלגט: דער בעל־עצה, וואָס אין מיר; און אָט בין איך דאָ, פאַר אייך. מיר זיצן ביידע, ווי צוויי גוטע פריינט, און מיר שמועסן — אַרטיק, פיין... אמת, דר.?

— געוויס. ווי דען אַנדערש? אָ, ביטע; זעצט פאָר, פריינט...?

— ... דעמערונג איז מיין נאָמען... און מירן פאָרזעצן... איר זעט שוין, מסתמא, אייך אַליין, דר — פון דעם אויבנגעבראַכטן —: אַז דאָ זיצט פאַר אייך אַ מענטש — אַ אָנגעשפּאָלטענער; אָדער — ריכטיקער געזאָגט — אַ צעריסענער אַף שטיקער. אַ מענטש — אויב דער דאָזיקער טיטל איז דערלאָזבאַר — אין וועמען עס איז נישטאָ קיין האַר, קיין באַלעבאָס, קיין אויבערהאַנט. עפּעס שלאָגט מען זיך אין אים, צי — א י ב ע ר א י ם : ווי מע וואָלט נישט קענען דורכקומען מיט דער ירושה... מע קריגט זיך; מע דערלאַנגט קלעפּ — אַזש די קולות גרייכן ביז צו דער סטעליע!... נו, טאָ זאָגט אַליין: איז דאָס פאַר מיר אַ תכלית? וויבאַלד, אַז איך קאָן מיך שוין באַלד פון אָרט ניט רירן! — אָן אָרדע־נונג אין מיין לעבן — ווי איז דאָס מעגלעך ווייטער צו גיין? איין

שפּאַן אפילו מאַכן אין פּאַרוויס?... ובכן — זעט איר דאָך: בין איך געקומען פאַר אייך; און איך זיץ, און איך רעד...

— ... אָבער, זייט מוחל! איך רעד אַזויפיל, — אַז איר הויבט שוין באַלד נישט אָן צו וויסן — ווער און וואָס... איז, לכן, אפשר גלייכער: דאָס אַלעם איבערצוהאַקן און אָנהויבן ווידער אַלץ פונעם־אָנהויב; אָבער — מיט אַ סדר! הא, ווי מיינט איר, פריינט דאָקטער?

— גערויס... לאָמיר זאָגן: רופט עפּעס אָן קאָנקרעט — אַף וואָס איר ליידט?

נאָר דער קראַנקער, אַ פּנים, איז אים נישט געווען מסוגל איצט צו הערן. פון אים — ווי פון אַ באַנומענעם — האָט זיך ווייטער גערעדט; הגם פאַר אַ מענטשן מיט אַן אויג וואָלט גלייך געוואָרן ניכר: אַז עס רעדט זיך אים ניט אַזוי גלאַט. אַז אין אים האַלט אָן אַ קאַמף אַ שוידערלעכער...

— אַט וועלן מיר נעמען — צום אַלעם ערשטן — דאָס, וואָס עס וואַרפט זיך אַלעמען אין אויג; אויסערלעכע סימפּטאָמען — אַזוי צו זאָגן — וועלכע וועלן אונז אפשר קענען פירן, ווי געניטע וועגווייזער, (און ווייבאַלד, אַז מירן זיי נאָר וויסן, וויאַזוי נאָכצוגיין געטריי,) — איבער די צעדרייטע לאַבירינטן פון מיין געמיט; ווייזן דעם שליאַד צו דער טיף; אָן אַהין, אין דער פינצטער: וואו דאָס אומגליק זיצט אין מיר און גיט אָפּ באַפעלן צו זיין חייל, וועלכעס פילט זיי אויס ראַיעל...

— הא, ווי מיינט איר: ריכטיק, דר.? האָב איך רעכט? — אַ וודאי! איז, לכן, — וועלן מיר, שוין דאָ אַפן אָרט, אָנהויבן — פון מיין ווילדן טייפלשן בליק... זאָגט, דר.!: וואָס זעען עס מענטשן אין מיין בליק, (דער עיקרשט — אויסוואורפן!) — וואָס ער וואַרפט זיי אַזוי אין קדחת? וואָרהין קאָן דאָס פירן?! פאַרוואָס האָבן דאָס מענטשן — פאַר אים, (דעם בליק מיינעם; און, במילא, פאַר מיר,) אַזוי מורא? אָדער, ריכטיקער: פאַר וועמען האָבן זיי מורא: פאַר מ י ר , צי גאָר פ אַ ר ז י ך ? . . .

עפּעס, אַ שטייגער: ווי ער — דער בליק מיינער — וואָלט אָנגעשלאָגן אין יעדן: מיאוסעס, עקלהאַפטס, געפּגרטס; וואָס מענטשן פיינע לייט האָבן עס שוין לאַנג פון אייגענעם איבערפלאַך אָפּגעטריבן; פאַריאָגט אין דער אייגענער טיף; עס דערהרגעט און באַגראָבן — לעולם ועד! — ניין, קום איך צוגיין, דער אויסוואורף; און גראָב זי אויף, די נבלה; און ברענג זי אָפּער — מיט מיין אומגליקלעכן הינטישן מאַגנעט־בליק — בתופים ובמחולות, פאַר אַ וועלט מיט מענטשן אין די אויגן — פאַר דער ליכטיקער שיין... און איך קום קאָמפּראָמעטירן, נאַטירלעך, דערמיט — איידעלע לייט פון דער געזעלשאַפט... נו, איז אַ רבותא: הלמאי איך בין אַזוי שרעקלעך פאַרהאַסט בא יעדן; און מע מיידט מיך אַליין אויס, ווי אַ פּעסט?!.

— ...נאָר: עס וואָלט דאָך געווען — טאָפּל־געמיין פון מיין זייט, (ווייבאַלד אַז איך רעד אַזויפיל פון דער געמיינקייט פון אַנדערע;) צו פאַרהוילן, איצט — אין דער שעה פון מיין ווידוי — ווער איך אַליין בין... למשל: טאַקע אַלץ מיט מיין בליק. נישט נאָר געמיינע יונגען קאָנען אים נישט פאַרטראָגן, נאָר אפילו — ריינע אומשולדיקע קינדער... און דאָ וועל איך אייך אויסזאָגן עפּעס פון מיין סאָציאַלער עקזיסטענץ. איך בין געווען אַ לערער, אייניקע יאָר, דאָ אין לאַנד. נאָר: איך האָב געמוזט אַנטלויפן פון דער שול, מיין פּראָפעסיע איבערלאָזן, זוכן עפּעס אַנדערש; און דאָס — שוין אין די שפּעטע יאָרן פון מיין לעבן, קרוב צו די פערציק, שוין נישט קיין אינגעלע. איך האָב געמוזט. קיין אַנדער ברירה ניט געווען: ווייל איך האָב ניט געקאָנט פאַרזעצן מער, פאַרבלייבן. די קינדער האָבן, באין אופן, נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם פאַרשאָלטענעם בליק מיינעם. זיי פלעגן זיך קלאָגן; ווייל זיי איז פאַרגעקומען: „אַז איך קוק און לאַך פון זיי... עס שטייט אַ לץ און מאַכט חוזק...” און דאָס איז געשען מיט מיר — אין מאָמענטן פון העכסטן עקסטאַז! סאָמע דאַן — בעת איך בין געשטאַנען פאַר די קינדער און געזונגען מיט זיי!... זאָגט: קאָן מען ניט פונזינען קומען, פאַר צער? און איר ווייסט דאָך: מיט זיי — מיט אוממיטלבאַרע קינדער — וועט איר גאָרנישט מאַכן. אַ, זייער גערעכטער אכזריותדיקער אורטייל בלייבט אומבויגזאַם, ווי דער טויט... איז, צוקומענדיק אהער, — האָב איך מ י ר אַליין געשטעלט די פראַגע: — צי בין איך טאַקע אַזאַ שווידערלעכער געמיינער יונג, — וואָס נישט נאָר ג ר ו י ס ע, נאָר אפילו ג ע ר ע כ ט ע ק י נ ד ע ר פאַריאָגן מיך פון זייער מיט?... איר פאַרשטייט, דר.? נישט דאָס האָט מיר געאַרט: וואָס גרויסע מענטשן וואַרפן אין מיר שטיינער: אפשר, כדי עס זאָל אַרויפשלאָגן אין מיר, (ווי בא יענער קראָ מיטן קרוג,) דער פרישער לויטערער קוואַל — און עס שלאָגט גאָר אַרויס פון מיר ד ע ר ר י נ ש ט אָ ק . . . אַ, ניין, ווייל איך האָב געוואוסט: ווער איך בין — אַ מענטש, וואָס איז קיינמאָל נישט ריין אינגאַנצן; און עס איז, דאַרום, צו דערוואַרטן: אַז אַ צווייטער מנוול זאָל אַנציען אין מיר דאָס זייניקע; פונקט אַזוי ווי איך — אין יענעם... נאָר — אַז קינדער זאָלן שוין אין מיר גאָרנישט קענען אויסגעפינען און מיך פאַרשטויסן?! נו, און וואָס איז מיט דעם עקסטאַז, וואָס שלאָגט אַן אַלעמאָל פון מיר? מיט מיין קוואַליקן גלויבן?!.

— ...און דאָ קומען מיר ווידער צו, דר., צו דעם, וואָס איך האָב שוין אויבן אָנגעדייט: צום שרעקלעכן ריס, וואָס אין מיר; צו דעם, אַ פּנים, וואָס ג אַ נ צ ע אוממיטלבאַרע קינדערשע נשמות קאָנען עס ניט פאַרטראָגן, באין אופן; איר פאַרשטייט? צום דורכרים אין מיין זעל: וואָרומער עס שפּאַרט אין מיר די קלאָאַקע פון דער טיף — צו מיין

אויבערפלאַך — אַזאַ לוסטיק־גרייטע מיך צו לאָזן איינגעזונקען אינעם עיפּוש; צום ריס אין מיין זעל צווישן דעם גבזהדיקן ליץ דעם ציניקער — און דעם פאַרשטענדיקן גלויביקן. פינצטערער אַנטיסאָציאַלער איך — ווערסום דעם סאָציאַלן דעמערונג. פינצטערער אימפּולס שלאָגט זיך קעגן גערדאַנק; וויל אים אַריינציען אינגאַנצן אין השכות אַריין... איך בין צעריסן, דר. איך בין אַ שלאַכטפעלד. נאָר, איך בין אומבאַהאָלפן מיט מיין קאַמף... אָט, וועט איר באַלד זען אַ זאַך; און איר וועט אור־טיילן אַליין. נאָר, דערשרעקט זיך ניט...

דאָ האָט דער קראַנקער צעעפנט ברייט דאָס מויל; אַרויסגעשטעקט אַ היפּערטראָפישע רויט־געשוואָלענע צונג; זי געהאַלטן, אַ ווײַלע, אין דרויסן; זי צוריק אַריינגענומען און פאַרגעזעצט...

— איר האָט געזען, אָקאַרשט, אָט די פרעמדע פרעכע חיה: וועלכע זיצט אין מיין לייב און זי שטעלט מיר אַרויס אַ צונג... זי איז מיין טויט, דר.! איך ווייס: זי איז מיין סוף... זי הערשט אין מיר אומבאַ־זיגבאַר. זי פאַרקריכט מיר, די בעסטיע, אין מיין גערדאַנק — אָט, וועט איר הערן! — און זי קאָרומפּירט אים... איר וועט ניט גלויבן אַף מיין אומ־גליק: ווי עס האָט זיך צוגעקלעפּט צו מיין מחשבה די מיאוסע נבזהדיקע ני־דערטרעכטיק־געמיינע טבע: צו חוזקן — אין דער שטיל, פאַר זיך — פון אַליץ און פון אַלעמען...; זיצן מיט אַ מענטשן — מיט אַ גרויסן, מיט אַ קליינעם; און מיטאַמאָל — (איך ווייס ניט — פונוואַנען,) עס טוט אַ באַפאַל מיין גערדאַנק אַזאַ מוטנע קאָביקער שמוציקער אָנפאַלייט: צו נעמען, במחשבה; אויסטון יענעם — בושה־נאַקעט; אים אַרויסשטעלן, אין די מיאוסטע פאָזן; אויסזוכן און אונטערשטרייכן אין יענעם דאָס עקלדיקע, דאָס נידעריקע, דאָס לעכערלעכע; ד אָ ס אכזריותדיק אויס־לאַכן; און אָפּזידלען יענעם, באַשמוצן, אויסוואָזיען — פון קאָפּ ביז צו די פיס..... איצט; פאַרשטייט מיין אומגליקלעכע לאַגע, דר.; ווי איך אַליין ליידט פונדערפון. איר פאַרשטייט? איך אַליין. ווי איך באַגראָב מיך, אַ לעבעדיקער, פאַר בלוט־בושה — פאַר יענעם, מיין מיטשמועסער — דעם געשענדעטן, אין מיין גערדאַנק; באַהאַלט אויס מיין בליק פאַר דעם — וואָס זיצט מיט מיר, פריינטלעך, הויבט ניט אָן צו וויסן פון עפּעס; נאָר — אָ, איך זע עס גוט צו: ווי, פּלוצים — נעמט ער זיך שפּירן — שאַרסקע עפּעס, לעבן מיר; אומרואיק; ווי אָנגעגריפן...; און ער שטייט אויף, מיטאַמאָל — אַ צעטומלטער, אַ באַדנלאָזער; ער איילט: וואָס שנע־לער אוועק פון אָט דעם מקום מוכן לפורעניות — פון מיר; פאַרזאָגט זיך אפילו, אין דער שטיל: „מיך זען, אַף ווייטער — ווי ווייט מעגלעך, אויסצומיידן...״

— ...איז: וואָס זאָגט איר צו מיין קלאָג, דר.? איר פאַרשטייט? איך [illegible] נאָך דערגיין, אַמאָל: וואו עס האַלט מיט מיר אין דער וועלט?

ווער עס הערשט איבער מיר? ווער עס קעמפט אין מיר? ווער עס רעדט אין מיין נאָמען — איך? ווער איז — איך? פונוועמען דאַרף איך נעמען באַפעלן, און פון וועמען — מיך באַפרייען?... ווייל: אַזוי ווייטער גיין, ווי עס גייט — שפּיר איך — קאָן עס שוין לאַנג ניט אָנהאַלטן!...... אַט, וועלן מיר נעמען, למשל, דעם גאַנצן פאַל; (אין זאָגט, אדרבה, אַליין: צי איז עס ניט צום לאַכן!...) איך מיין: ד אָ ס , וואָס איך בין געקומען צו אייך... הויב איך דאָך שוין באַלד אַליין נישט אָן צו ווייסן: — וו ע ר איז דאָס דער א י ך , וואָס איז צו אייך געקומען? ד ע ר , וואָס וויל זיך ראַטעווען; צי ד י ק ר ע נ ק , וואָס קומט חוזק, אָפּשפּעטן פון איטלעכן; אַפילו פון אייך אויך, דר.; מיך אַרויסשטעלן, מיט מיין שאַנדע — אַף לייטיש געלעכטער?!. איר וועט זאָגן: — זיך ראַטעווען; זיך נעמען אין די הענט אַריין און קעמפן!... אַזוי וועט א י ר ראָטן. איר רעדט אַזוי קלאָר צו מיין געדאַנק; און ער פאַרשטייט אייך... נאָר, ער איז — צעגעפּוילט, דר.! ער איז קראַנק; און ער האָט ניט קיין כוח — אייך צו פאָלגן; אייער פריינטלעכע עצה אויסצופירן. ער איז געפּענטעט — שפּיר איך — ווי אין אַ תפיסה, מיין געדאַנק... אַ וודאי, בענקט ער צו דער פרייהייט. אוי, ווי ער בענקט! אָבער: וואָסאַראַ פאַטאַלער שד האָט באַ אים צוגענומען די כוחות, אים געמאַכט אימפּאָטענט קראַנק און שוואַך — אַז ער זאָל זיך גאָרנישט קענען העלפן אַליין?!.

— ...אָט דאָס איז מיין טראַגעדיע, אינקורצן, דר.; דערווייל... אָבער — איר שווייגט, די גאַנצע צייט. איר רופט זיך מיט קיין איין וואָרט ניט אָן. און דאָס מאַכט מיך — שטאַרק טרויעריק...

דער קראַנקער איז אַנטשוויגן געוואָרן; ווי זיך טיף אַריינגעצויגן אין זיך. ער האָט אויסגעזען בלייך, פאַרמאַטערט, נאָך דער גרייסלעכער אָנשטרענגונג; און יענער אינטעליגענטער דר. לייבניץ האָט זיך ניט דערוועגט אים צו שטערן... ער האָט — אַליין, פאַר זיך — אינטענסיוו געקלערט פון אָט דעם אויסטערלישן סוביעקט, וואָס פאַר אים... „אַ, דאָס איז ניט געווען קיין עסק — אַף איין מאָל. ווער ווייסט: אַף ווי לאַנג... ווער ווייסט גאָר, בכלל: צי ס'עס וועט זיין אַ אויסגאַנג... ער אַליין, דער קראַנקער, צווייפלט... און ער — דער דאָקטער אַפילו — איז אין אַ פאַרלעגנהייט, אין אַ אומרו: וואָס ער האָט דאָ צו טון... ער שפּירט בלויז: אַזוי ווי ער אַליין איז דאָ געבונדן עפּעס. ער איז שוין מער ניט דער, וואָס געווען — ביז צום באַזוך פון אָט דעם... וואָס איז ער? דער ע ר ש ט ע ר פּאַציענט באַ אים?!.״

און דער דר. לייבניץ האָט זיך געשטאַרקט און אויפגעהויבן ראַש, אַזוי ווי פון אַ קאָשמאַר. ער איז געווען, קענטיק, דעצידירט... אויך דער קראַנקער, אַף אים קוקנדיק, האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען — עטוואָס

באַרואיקט. נאָר, ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען: אויב דער באַזוך איז געווען צו ענדע; און געקוקט אויפֿן דאָקטער, פֿרעגנדיק... נו, האָט אים דער מעדיקער געזאָגט, אַז יאָ; אים געדאַנקט פֿאַר דער אויסערסט־אינטערעסאַנטער קאָנטשאַפֿט; אים פֿאַרשפּראָכן: אין זיין פֿאַל זיך צו פֿאַרטיפֿן — ווי נאָר מעגלעך; און, אין אַ באַשטימטן טערמין, אים איינגעלאַדן צו קומען — ווען ער וועט נאָר גלוסטן אַליין...

— מיין קאָנסולטאַציע איז אויפֿן פֿאַר אייך, הער דעמערונג...

2

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די מערקווירדיקע קאָנטשאַפֿט צווישן דעם גרויסן פּסיכיאַטאָר, ד״ר. לייבניץ, און יענעם אומבאַקאַנטן הער דעמערונג. ווען ער איז דאַמאָלס אַוועק פֿון אים — דער מאַן, בײַ וועמען דער טייוול האָט אַרויסגעקוקט, דורך זיין שוואַרצן פֿייערדיקן בליק, מיט שפּאָט, און אַרויסגעשטעקט דער וועלט אַ רויטע געשוואָלענע צונג, — האָט ער, ד״ר. לייבניץ, נישט אָן אַ ביוון, אים נישט אָנגעגעבן קיין באַשטימטן טערמין פֿאַר זיין נעקסטן באַזוך. ער, דער דאָקטער, האָט אַפֿילו נישט געקאָנט קאַווירן: „אויב יענער סוביעקט — וועלכער איז נישט בײַ זיך אין די הענט — וועט אינגאַנצן צוריקקומען... ווער ווייסט: צי דער טייוול וואָס האָט זיך אַזוי ווילד צעבושעוועט אין אים, וועט דאָס דערלאָזן... יאָ. מיט אַזעלכע לייט דאַרף מען גיין פֿאָרזיכטיק. נ אָ ר — זיך נישט צייגן פֿאַר אים: אַז מע איז פֿאַרינטערעסירט, אָדער: שוין גאָר געוואָרן געפֿאַנגען אין זיינע טייפֿלשע נעצן — עליי פּונקט ווי ער אַליין איז דאָס בײַ זיך אַליין... ניין, פֿריינט. קיין שום צוואַנג. פֿרייהייט הערשט צווישן אונז ביידן. קום — ווען דו ווילסט, און אויב דו ווילסט. ווייל דו ביזט — אַ געפֿאַר אַ דראָענדע; אַ טייוול, אָפּגעלאָזט פֿון דער קייט... עפּעס האָסטו זיך דערלויבט ערגעץ — צופֿיל, ברודער... האָב צייט; מירן עס נאָך דערגיין... און אַצינד, ווילסטו אפשר צוריקכאַפּן. נאָר ד אָ ס לאָזט זיך שוין ניט מער. אָ, עס גייט צו שווערלעך. דער שונא דיינער, דער צעבושעוועטער בלינדער אימפּולס — מע זעט — אַטאַקירט אין דיר, אויפֿן גאַנצן פּראָנט... אָט, ווי די לאַנגע דיינע האַלט, פֿריינט..."

ד״ר. לייבניץ, ווי מע זעט, איז געווען פֿאַרינטריגירט ביז גאָר... ער איז געווען אַ גרויסער געלערנטער מאַן, דער דאָקטער. ער האָט געוואוסט פֿונעם סוד פֿון די צ ו ר י ק ר ע א ג י ר ו נ ג ע ן אינעם מענטשנס אָרגאַניזם; ד. ה.: „אַז מע דאַרף ניט גראָד אָנערקענען די עקזיסטענץ פֿון אַ אומאָפּהענגיקער אידייאישער וועלט — אויסערהאַלב דעם מענטש — אויף צו דערלאָזן די ווירקונג פֿון דער פּסיכיק אויפֿן צושטאַנד פֿון מענטשנס מאַטעריע, אויף זיין קערפּער. ניין; מע מוז ניט איבערשרייטן די גרעניצן

פון דער ביאָלאָגיע, פון עקזאַקטן וויסן. עס איז גענוג צו אָנערקענען: אַז דער מענטש — מיט זיין עקזיסטענץ — פּראָדוצירט לעבן, באַוועגונג, גייסט, אידייען, זיין פולע גאַמע פּסיכישע וועלט; זיין האַרץ פּראָדוצירט: בלינדע אימפּולסן, סענטימענטן, עמאָציעס, געפילן, אַפילו אינסטינקטן אַלערליי, אָדער: די אַלע עלעמענטן רעפלעקטירן אַטאַוויסטיש, אויסן בלוט — אין האַרץ אַריין; זיין מאַרך, ווידער, פּראָדוצירט: אינטעלעקט, לאָגיק, פאַרנונפט, — און שוין איז דאָ פאַרלייגט דער יסוד פאַר קאַמף. בעת דער אינטעלעקט כּוואָלט אויס אידייען — פ א ר ן לעבן, פ א ר דעם מענטשנס עקזיסטענץ אַף ד ע ר וועלט, — כּוואָלט אויס די אימפּולסיווע וועלט — אַנדערע אידייען: פ י נ צ ט ע ר ע ; וואָס רעדן פון א י ע נ ע ר וועלט; וואָס דאָס הייסט, פּאַקטיש: פון אַ צוריקגאַנג צו כאַאָס; פון נאָכגעבן דעם בלינדן אַטאַוויסטישן דראַנג צו אונטערגאַנג; צו אומקומען אין בלינד־ספּאַזמאַטישן ליידנשאַפטלעכן פאַרווערן פלאַמער; צו פאַרזונקען ווערן אין פלאַזמאַטישן אויספלוס; אינעם צעשטורעמטן בלוט־בושהדיקן ים פון צעיושעטן וואַנזין... אַזוי האַלט אָן אַ פּערמאַנענטער קאַמף אינעם מענטשן — איבער העגעמאָניע, איבער מאַכט. דער שפּעטער־געקומענער מאַרך — איבערן לייטער פון דער ביאָלאָגיע — זוכט צו צוימען די צעשטער־טענדענצן פון דער אימפּולסיווער וועלט און זיי טרייבן צו נייער שאַפונג. דאַקעגן, די בלינדע אימפּולס־וועלט: זוכט אומצוברענגען דעם מאַרך; זוכט אומצוברענגען די אייגענע וועלט; אַ, מיט אַלעם — אַריינפאַלן צוריק אין קאָכיקן געטלעכן כאַאָט..... און אָט דאָס זענען — די אַזויגערופענע צ ו ר י ק ר ע א ג י ר ו נ ג ע ן. דעם מענטשנס מהות פּראָדוצירט צוויי באַזונדערע אידייען־וועלטן, צוויי באַזונדערע לעבנס; און זיי — ווי כלומרשט־זעלבסשטענדיקע עקזיסטענצן — קומען צוריקווירקן אַפן מענטשנס לייב; הייצן אין אים נאָכאַנאַנד דעם פייערפלאַקער פון קאַמף..... איז גליקלעך דער געזונטער מענטש, צי דער יונגער געזונטער היסטאָרישער דור, — בא וועמען עס האָט די אויבערהאַנט, די פירונג — אינטעלעקט איבער אימפּולס. נאָר: אָט ווערט אַלט דער פירנדער דור, דעגענערירט, קראַנק, אָפּגעלעבט; ער מוז אַוועק; נאָר — ער וויל ניט. ער מוז אָפּגיין, לאָזן זיין פּלאַץ פאַרן נייעם געזונטן אויפגייענדן דור אינעם לעבן; עס איז דאָס אייביקע פּאַטאַלע געזעץ פון נאַטירלעכן אָפּקלויב... נאָר ער — דער קראַנקער דור, דער קראַנקער שיכט, דער קראַנקער קלאַס: וועלכער שטרעבט דאָך שוין, אייגנטלעך, א ל י י ן , אין זיין אינערן, צום אָפּגיין צוריק אין כאַאָס, — וויל ד אָ ך ניט פאַרלאָזן דאָס לעבן, דעם אויבנאָן — פאַר דער נייער היסטאָרישער גענעראַציע; פּשוט דערפאַר: ווייל ער וויל אַלץ און אַלעמען מיטנעמען צוריק מיט זיך אין כאַאָס; אַ, ווייל ער וויל אומעטום איינשטעלן די מאַכט פון כאַאָס; יאָ, ווייל ער וויל אַלעמען — דאָס

גאַנצע לעבן — אָנשטעקן, עס רעגענערירן מיט זיינע אַנטיסאָציאַלע קרענק, און אַלעם דערפירן צו מאַסן־פערווערזן אומקום...

„...ווייל עס גיבט ניט — ווייס — קיין קרענק, סתם אין דער וועלט. קרענק זענען — סאָציאַלע מכות; אָדער, ריכטיקער געזאָגט — אַנטיסאָציאַלע. זיי, די קראַנקע, רעפּרעזענטירן — אַ שיכט, אַ קלאַס, אַ דור. אַן אָפּגעלעבטע מאַסע, וועלכע וויל אַלץ פאַרטרייבן צום אויפהער; וועלכע וויל די גאַנצע מענטשהייט פאַרלענדן... נאָר, דער נייער היסטאָריש־אויפגייענדער פּאָטענטער דור שטעלט אַ ווידערשטאַנד. ער קעמפט. ער ליינגט שווערע קרבנות. ער ווערט טייפלש־אָנגעשטעקט פונעם אַלטן פאַרפוילטן עיפּוש. אָבער, ער ראַטעוועט זיך, אין קאַמף... עס איז דער אַלטער גוט־באַקאַנטער קאַמף אין דער ביאָלאָגיע — לאָמיר זאָגן: אין דער פּלאַנצן־וועלט — אוואו, אַפן שייד־וועג פון לעבן (זעען מיר) דיקטירט דאָס געזעץ פון נאַטירלעכן אָפּקליוב (דאַרווין) דעם אומבויגזאַמען אורטייל: ווער עס זאָל מאַכע אָפּגיין צוריק אין כאַאָס — דער אַלטער קראַנקער אָפּגעלעבטער פּלאַנצן־מין — אום צו לאָזן פריי דעם וועג פאַרן אויפמאַרש פון נייעם יונגן פּלאַנצן־לעבן אַף דער זון...

„...אָבער, ביז דאָס געשעט — עס הייסט, די אָנטשיידונג, — גייט אָן דער שו דערלעכער פאַרצווייפלטער קאַמף פון אַלטן פאַרפוילטן עיפּוש אין אָנגריף — וועלכער זוכט צו פאַרלענדן אַלץ; ווי מיר האָבן געזאָגט: אָנשטעקן דאָס יונגע אויפגייענדע לעבן מיט זיין נבזהדיקער קרענק; אַז אַלץ, מיט אים צוזאַמען, זאָל איינברעכן, זיך לאָזן אויפלייזן אין כאַאָס...

„...אַ קראַנקער — ווי דער שטייגער — קומט צום דאָקטער. איז אָבער געגנוג אַ קוק צו טון אַף אים, דורכנעמען אים מיטן קליניש בליק — אַף פּעטמצושטעלן: ווער איז דאָ געקומען צו גיין, ער שטייט פאַר דיינע אויגן, און — מחמת וואָס... עס קאָן זייער גרייליך זיין: אַז דאָס איז — אַ יונגער קרעפּטיקער מאַן, און זיינע פולע רעכט צום לעבן, אָבער — אַ אָנגעשטעקטער, אַ פאַרוואונדעטער אינעם קאַמף. אָ, אין אים וועסטו גלייך דערקענען: ווי זיין געזונט־אינטעלעקט זוכט זיך צו ראַטעווען; און אַז ער פאַרמאָגט אין זיך, דער מאַרך זיינער, די פולע פּאָטענץ פון זיין דור — צו וועלן און קענען ווידער ווערן געזונט. ער איז, אמת, אָנגעגריפן דערשיטערט אין זיין פּסיכישן גלייכגעוויכט. דאָס נוצט אויס, אַ וודאי, דער אייביקער שונא, וואָס שטעקט אין אים — דער איצטעטיוושעטער אימפּולס: וועלכער פאַרגערט, דערמיט, נאָכמער דעם שווערן צושטאַנד פון דער (פיזישער) קרענק, (ווי מיר האָבן אויבן געזאָגט — אַראָנס די צוריקרעאַגירונגען פון דער פּסיכיק אַף דעם לייב פונעם מענטשן,) און דריקט שטאַרק אַפן קראַנקן: ער זאָל קומען צום אויספיר — פון זעלבסט־פאַרלענד אין כאַאָס: וואו ער וועט זיך ראַטעווען, במילא, פון אַלע שווערע פּיינען און יסורים... נאָר די אויבערהאַנט אין

דעם קראַנקן — ווי מע זעט — וועט, ענדלעך, ד אַ ך האָבן דער נישט־אינגאַנצן־דערשלאָגן־געבליבענער גדאַנק, וועלכער האָט זיין קאַמף נישט אויפגעגעבן; נישט געלאָזן דעם קראַנקן פאַרחלשן; אַ סימן: אָט שטייט ער פאַר אייך, דער קראַנקער; ער איז געקומען צו אייך, ווי צו אַ פריינט — בעטן הילף...

„...נאָר אָט קומט צוגיין אַ אַנדערער צו אייך, זיך קלאָגן... (אים, דעם דר. לייבניץ, איז, די גאַנצע צייט, געשטאַנען פאַרן דמיון — ווי מע מאַג זיך פאָרשטעלן — זיין לעצטער פאַציענט, דער אומבאַקאַנטער דע־מערונג...) און דו פאַלסט מיט אים גלייך אריין אין צווייפל. דו קוקסט אַף זיין אויפגעשטורעמטער, נאָר, צוגלייך, איינגעביסענער פיגור — און דו הויבסט ב אַ ל ד נישט אָן צו וויסן: ווען דו האָסט דאָ פאַר דיין בליק... ו ע ר עס איז צו דיר געקומען זיך קורירן — אליין, מיטן אייגענעם ווילן; און ו ע ר אין אים עס איז געווען געצוואונגען מיט־צוגיין; ו ע ר עס ענטפערט דיר — קאָרעקט, און ווער — פאַרפירע־ריש; ו ע ר עס קוקט צו דיר — פריינטלעך; און ווער עס באַטראַכט דיך — אָפן־צעיושעט, ווי זיין בלוטיקן שונא... נאָר, דערעיקערשט, וואַרפט זיך עס אין די אויגן: ווען דו נעמסט אים פאָרשן; גרינטעווען אַראָפּלאָזן זיך אין זיין טיף, אום צו דערלאַנגען צום אור־מוטנעם קוואַל פון זיין פיין; מיט איין וואָרט: ווען דו הייסט אים אָפּלאָזן יעטוועדן קאָנטראָל איבער זיך, און לאָזן ארויפקומען פון אים אַלדאָס גאַנצע פאַסקודסטווע, וואָס פרעסט אים זיין זעל... איז: דער אָנשטענדיקער קראַנקער, מיטן נישט־אָנגערירטן אינגאַנצן גדאַנק — וועט עס טון, (וועסטו צוזען,) מיט די לעצטע רעשטן בלוט־בושה און אחריות פאַר דיר אַליין, אַלס מעדיקער־מ ע נ ט ש ; פאַר די ווענט אפילו פון דיין וויסנשאַפטלעכן קאַבינעט... דאַקעגן: אָט־אָ־דער־אָ — מיט דעם פאַטאַל־אומפּאַטענטן מאַרך פון זיין גראַד, אַ איצט שוין אינגאַנצן גערירטער פון דער צעפרע־סנדער קרענק, — מאַגסטו אָנקוקן: ווי ער וועט זיך דאָס פאַרוואַנדלען — דיר אָפן אויג, דער אומגליקלעכער; ארויסלאָזן פונפאַרנט — יענעם, דעם מנוול: אַז ער זאָל זיך דאָס פאַר דיר אַצינד נעמען צעלייגן; פרעך־פינצטער, צעיושען צעבושעוועו; חזירש־ציניש, דיך־אָפּשפּעטן; באַדריפּען דיך, פון קאָפּ ביז די פיס; אָ, אין זיינע עיפּוש־קוואַלן דיך לאָזן אָפּ־מויפן; דיך, דעם דאָקטער, באַסערן פאַר אַ זייניקן... אַפּעלירן צו זיין הבר — אין דיר זעלבסט, אין יעדן איינעם פון אונז; זיך דערקענען גלייך, ווי אַלטע באַקאַנטע מנוולים צוויי; און — שוין דאָ גלייך דיר אָפן אויג — אונטערנעמען די בייזע געמיינע פאַרשווערונג, דעם נידערטרעכטיקן פאַ־ראַט אַף דיר; דו פאַרשטייסט — אַף דיין לעבן...

„...נו, און דער אָ — דער נייער פאַציענט זיינער, פריינט דעמערונג — ווער איז?!. עפּעס רעדט ער אַזוי אָפּנהאַרציק, אַזוי ערלעך — ביז גע־

פאַר, אַזוי פיינפול... דערעיקרשט: ער אַליין ווייסט פון זיך אַזוי־פיל, אַזוי טיף! אָ, ניין; ער זוכט זיך גאָרנישט צו פאַרהוילן, כיטרעווען, דרייען; ער וואַרט נישט, ביז דו וועסט אים ערשט נעמען פאַרשן. ער קומט אַליין — ווי אַ גורל־ריכטער — גוזר זיין אַף זיך דעם דין. ער זוכט גאָרנישט צו אַנטלויפן, אויסמיידן די שטראָף... און דאָך: עפּעס דריקט ער אָן אַזוי מעכטיק אַף דיין געמיט; כמעט, אומווידערשטייליך... מאָדנע. אַ גייער טיפּ... אם כן, וואָס וויל ער? וואָס טרייבט אים צו אים? זיך ראַטעווען? אָבער — וויאַזוי, — וויבאַלד ער גלויבט ניט אַליין אין זיין לעבן מער? אין זיינע רעכט אַף דעם?!. נאָכאַמאָל: ווער איז ער?..... נאָר: צי וועט ער, בכלל, זיך אומקערן?!."

און דער דר. לייבניץ האָט אויפגעדראָזשעט — איצט, אין זיין קאָנסולטאַריע — ווען די קראַנקנשוועסטער האָט אים פּלוצים געמאָלדן: אַז דער נעכסטער קראַנקער איז — דער נייער פּאַציענט... דער העַר דערמערונג...

ער האָט אויסגעזען נאָכמער רעזיגנירטער פונדאַמאָלס. נאָר אויך דער אומרו פון זיין צורה איז נישט פאַרשוואונדן. דערצו איז צוגעקומען נאָך אַ שטריך, אַ סימפּאַטישער. ער איז אים פאַרגעקומען, איצט — מילדער, דעם דאָקטער; און דערשלאָגן, פאַרמאַטערט. ער האָט געוועקט צו זיך רחמנות...

— דר. לייבניץ!... פריינט מיינער... מאָג איך אייך אַזוי אָנרופן?... איך בין נישט געקומען צו אייך, אַזוי לאַנג — ווייל איך האָב מיך געראַנגלט מיט זיך אַליין. מיר געשטעלט די פראַגע: „מיט וואָס פאַר אַ רעכט — קומען פייניקן אַ אומשולדיקן מענטשן, מיט מיין פאַרברעכן? ווירקלעך: מיט וואָס פאַר אַ רעכט?..." אָבער, איך האָב ניט געקאָנט מער. מיך בינדט שוין צו אייך דער ווידוי. יענער ערשטער אָפנהאַרציקער אָפּפלייץ פון מיר פאַר אייך. איצט קומט מיר פאָר: ווי מיר ביידע זענען שוין געבונדן געוואָרן דורך עטוואָס געמיינזאַמעס — דורך מיין פאַרטרויען צו אייך. מיר היטן ביידע איין סוד, אַ בשותפותדיקן. ווי איך וואָלט אייך געמאַכט — אַ טייל פון מיין אומגליק; צי נאָר — אַ מיטפאַרשווערער אין מיין פאַראַט... אָבער, וואָס רעד איך? וואָסער פאַראַט?!.

— ...הערט אויס, דר.! איר האָט מיר אַריינגעטראָפן אין פּינטל. איך לייד שוין, אַזוי לאַנג; און פאַר קיינעם קיינמאָל האָב איך ניט געהאַט דעם באַגער זיך אויסצוטון מוטער־נאַקעט, אויפדעקן מיין ערווה. פאַרקערט. איך האָב מיך געהיט פאַר עמיצן, ווי פאַר פייער... און דאָ, פּלוצים: זענט איר געקומען; און מיך אַנטבלויזט; און מיך גענומען; אַזוויוי מיך געפּאַקט בײַ דער האַנט, מיט מיינע אינטימיטעטן...; און זע: ווי איך רעד נישט אויס קיין איין וואָרט, זאָג גאָרנישט קענן. פאַרקערט: איך קום אַליין ווייטער צו אייך צוקריכ... צוגיין — מיט מיין ווידוי, מיט

מיין האַרץ, מיט מיין לייב און לעבן. און איך רעד צו אייך, מיט מיין אונטערטעניקן שמייכל: אַז איר קענט איבער מיר באַגיין, וואָס נאָר איר ווילט אַליין... דר.! וואָס זאָל דאָס זיין? אפשר, אונזער נייע פריינטשאַפט?...

— ...ווייס איך נישט. איך בין, לאַנגע יאָרן, אומגעגאַן, געדריקט אין זיך און — געשוואָלן מיט מיין אומגליק! (און דאָ האָט דער קראַנקער פּלוצים אויפגעהויבן זיין קול, געוואָרן האַרט און צאָרניק.) איר פאַרשטייט? איך האָב דאָך ניט געקאָנט קומען צו אַ ליאַדע וועמען, זיך אויפדעקן יענעם באַרירן מיט מיין שמוץ! מענטשן אָנשטענדיקע זויבערע וואָלטן דאָך דאָס ניט געקאָנט פאַרליידן, באַין אופן! מע וואָלט מיך געוועזן דורכגעטריבן, און מיט רעכט!... איר — זעט איר — זענט עפּעס אַנדערש. צו אייך קאָן זיך גאָרנישט צוקלעפּן. איר זענט — דאָס פייער; דער פלאַם, אין וועלכן איר בלאַנקט אייער ביסטורי — בעפאָר איר נעמט זיך צום גרויסן ווערק: אָפּצוטיילן פון אַ יעדן איינעם פון אונז די גאַנגרענע, די פוילעניש, אום נאָכהער ווארפן דעם עיפּוש — אַלץ אין דעם זעלבן פייערבאַנד אריין, וואָס מוז אַלעם פאַרצערן; אַ, אַלעם איבערברענען; אַז גאָרנישט זאָל פון דעם איבערבלייבן מער, גאָרנישט... אַ, יאָ; איר, דר., זענט עפּעס אַנדערש... און דערפאַר ציט מיך, דעם פאַרורטיילטן, צו אייך אַזוי שטאַרק: אַז איר זאָלט איבער מיר דורכפירן אייער גרויס ווערק — דאָס פאַרלענדן מיין פוילעניש — ביז לעצט. ווייל פון מיר — איר הערט? — וועט, דערנאָכדעם, גאָרנישט פאַרבלייבן מער; גאָרנישט...

— ...ניין. שלאָגט מיך ניט איבער... איך שפּיר: ווי באַ מיר אַף די פעלדער פאַרנעמט זיך איצט אַף אַ שטורעם... איר האָט געפרעגט, דוכט מיר: ווילאַנג עס דויערט שוין מיט מיר די אַ לאַגע... איר, דר., דאַרפט עס ניט פרעגן. מע זעט עס אָן אַליין: אַז זייער לאַנג. מסתמא, נאָך פון געבוירנשאַפט אָן. עס מיטגעבראַכט, דעם פאַטאַליזם, מיט מיין בלוט; די ירושה פון די אָבות... עס מוז זיין אַזאַ בלוט מיינס — אַ דעגענערירטס, אַ צעזאָדנס, אַ שוועכלינגדיקס, אַ אימפּאָטענטס, וואָס צאַפּלט עפּילעפּטיש־ספּאַזמאַטיש צו אומקום... אפשר קום איך פון אַ גראַד אַזאַ. ווער ווייסט?... אייך, דר., איז דאָך געוויס באַקאָנט: אַז מע מוז ניט זיין גאָר פּאָטענט, אום צו ברענגען קינדער אַף דער וועלט. דער אונטערשייד, פריינט, קאָן דאָך זיין — גאָר אַ אַנדערער. פונקט ווי יש באַשאַפט יש, אַזוי ברענגט אַין — אַין... בעת דער פּאָטענטער ברענגט זרע אַף דער וועלט, — ברענגט דער אימפּאָטענטער — קראַנקהאַפטס: וואָס וויל ניט לעבן, ווייל עס קאָן ניט... אָט דער אַ בין איך..... פונדעסטוועגן: האָב איך געלעבט, אַ צייט, און געדייעט; אַף מיין שטייגער, פאַרשטייט זיך...

— ...נאָר, דאָס אַלץ האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, (און דאָ קום איך אייך ווידער אויסזאָגן אַ אויסטערלישע זאַך;) כל זמן איך בין געווען — אַ קינד פון מיין טאַטן; (וועלכער איז שוין, אגב, לאַנג טויט;) דאָס הייסט: ווי'ן איך בין געווען — אינגער פון אים. אָ, דאַן האָב איך געהאַט כסדר דאָס געפיל: ווי איך בין נישט אַליין. איך בין — אַ זון פון מיין פאָטער, מיט מיין בלוט; און ער וואַכט, דאַרום, איבער מיר — טאַקע, אין מיין בלוט — און ער שיצט מיך... אַזוי לאַנג, — ביז עס איז, ענדלעך, דער־גאַן דערצו — אַז איך בין אים אַריבערגעוואַקסן. איך האָב, מיטיינמאָל, דערוואַכט — אַן עלטערער פון מיין פאָטער! און דאָס האָט מיך געלאָזן צעטומלט!... זאָגט אַליין: וואָס איז דאָס — אַ קינד, וואָס איז עלטער פון זיין טאַטן?! איר באַנעמט עס? וואָס פאַר אַ נאָמען האָט עס? וואו האָט מען גאָר געהערט פון אַזעלכס? וואָס איז דאָס פאַר אַ קינד? וואָס איז דאָס פאַר אַ זון? און זאָגט מיר אויך: וואָס פאַר אַ פאָטער איז דאָס?! איר פאַרשטייט עפּעס?... מדרך הטבע: אַז דער פאָטער איז עלטער, דאָס קינד — אינגער — שיצט דער פאָטער דעם זון, ער פירט אים. אין מען ניט אַליין, ווען מע האָט זיך, אַף וועמען אָנצושפּאַרן — אפילו אינערהאַלב דעם אייגענעם בלוט. איז — לאָמיר זאָגן: טרעט מען נאָך אַלץ — אַזוויי אין אַ ווידערהאָל — איבערן זעלביקן וועג און א ז ו י וו יי ט , וואו דעם טאַטנס טראָט איז געגאַנגען... ביז מע קומט צו דער מעטע; און דו קוקסט זיך פּלוצים אַרום: ערשט אַצינד, ביזטו אַ יתום... דער טאַטע בלייבט נישט, מיטאַמאָל; עס ווערט אָפּגעמעקט פאַר אים זיין גאַנג: ווייל ער קאָן דאָך נישט גיין ווייטער פון ביז איצט — וואו ער איז געבליבן שטיין מיט זיין לעבן. נאָר — דו איינער, שטעקסט ווייטער ערגעץ אין דער פינצטער, אַ פאַרבלאָנזשעטער, אַ צעשראָקענער, איבער נישט געטראָטענע פון קיינעם ביז איצט שליאַכן; און — ווי דו וואָלטסט פילן — דו קאָנסט זיך ניט באַוועגן ווייטער; ווייל דו ביזט געליימט מיט דיינע גלידער, אין וועלכע מע האָט דיר קיין כוח ניט מיטגעגעבן מער צו דיין אייגענעם גאַנג... טאַטע און זון — אין איינס; ווי דו וואָלטסט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט זיין לעבן, אָבער — ניט מער. איצט — שלעפּט מען דיך, מיט מעכטיקע שטריק — אַף צוריק... אַ פויגל — זאָגט מען — פליט אַזוי לאַנג, — כל זמן עס בריט אים אונטער די פליגל... נו, און ווי איז: אַז עס בריט נישט מער?!...

— ...און פונדעסטוועגן, דר — ווי איר זעט — לעב איך דאָך פאָרט! נו, זאָגט אַליין: איז עס ניט צום לאַכן? דער זון וואַקסט ווייטער — אין דער הויך; דער טאַטע בלייבט אים שטעקן — ערגעץ דאָרט, אין דער ני־דער; גיי זשע דערגיי אַ טאָלק איצט: ווער עס איז — דער זון, ווער — טאַטע...

דער קראנקער איז פארשוויגן געווארן. ער איז געזעסן קעגנאיבער דעם דר. לייבניץ; געהאלטן די הענט אף די צוזאמענגעדרענגטע קני; אזויווי זיי באטראכט.

— איר מוזט זיין א בחור, פריינט דעמערונג?

א פארשעמעטער פלוצים, פאר דער אומגעריכטער פראגע — האט ער זיינע בליקן נישט אויפגעהויבן צום דאקטער...

— איך האב מיר דאס ניט געטארט דערלויבן, באין אופן, דר.; כ'מיין, דאס הייראטן. געוואוסט: אז איך קום דערמיט באגיין א מאנס־טעריעז פארברעכן קעגן מיין פארפלאנץ... און ווירקלעך: וואס פאר א רעכט האט אזא איינער, ווי איך, אף פארפלאנץ? וואס פאר א זרע וואלט עס ארויסגעקומען פון מיינע לענדן?... געוואוסט: אז איך מוז אונטער־גיין. אזוי האב איך אליין איינגעזען; און גוזר געווען אף זיך דעם דין... א חוץ דעם: מיט וואס פאר א רעכט מאכן ליידן א אומשולדיק באשעפע־ניש, א פרוי?... איך בין, ווי דר. פאוסט, פריינט לייבניץ. אומעטום, וואו איך ריר מיך נאר צו צום לעבן — האט זיך ארויסגעשטעלט: פארשאף איך מענטשן — געפערלעכע שמערצן... מע איז גערעכט, דארום: וואס מע קאן מיך ניט פארטראגן..... אבער — און דא איז דער קראנקער, מיטיינ־מאל, געווארן, מיסטעריעז־רעטזעלהאפט אפן בליק; ער האט געהיימניש־פול א בליאסק געטון מיט א שמייכל... — איך קאן אייך בארואיקן, דר... ע ר האט פארט געהייראט...

— וו ע ר ? !

— וואס ווייס א י ך ? איר הערט — עס איז אזוי אויסטערליש, אזוי אומפארשטענדלעך!... און — שטעלט אייך פאר — ווי טראגי־קא־מיש עס איז: אז איך אליין בין אף זיין לוויה געגאנגען... נו, געווים, אומ־געריכטערייט; ווייל, מיר זענען דאך פארט געווען — אומבאקאנטע...

— ...א; איך לאך, דר., ווען איך זע צו אייער שטוינען אף מיר... און דאס, זעט איר, איז, ווירקלעך, געווען צום שטוינען... אט, וועט איר אויסהערן און אורטיילן אליין..... דא, אנומלטן, אין א פרימארגן — קומט מיר אפן בליק, צופעליק, א צייטונגס־אנאנס: „מ. דעמערונג איז גע־שטארבן, נאך קורצע שווערע ליידן. ער לאזט איבער אין טרויער דער פרוי מיט די קינדער. די לוויה קומט פאר היינט, פון זיין לעצטער וואוי־נונג אף... צום צעמענטעריום..." — ?!. עס האט מיר א זעץ־געטון אין הארצן. איך האב געוואוסט: איך וועל עס ניט אויסהאלטן — אז איך וועל ניט אוועק אהינצו גלייך!..... עס איז אויסגעקומען — ווייט צו פארן. אן אפגעלעגענע געגנט; כמעט, אויסער דער שטאט. ביז, איך בין ענדלעך אנגעקומען..... אן אומבאקאנטער, צווישן פרעמדע מענטשן; געציילטע שעה פאר דער לוויה; אן איבערקערעניש אין הויז, א יאמער, — האט מען זיך אף מיר נישט אומגעקוקט קיינער. בא מיר גארנישט געפרעגט.

בין איך ארומגעגאן, צוזאמען מיט אנדערע, פון צימער צו צימער. איך
האב געפארשט, באטראכט, געזוכט. ביז — איך האב, ענדלעך, געפאקט,
פריינט דר.! געפונען! איר פרעגט — וואס? — ד א ס ב י ל ד ! !
יענעמס געשטאלט! — א וודאי, וואס דען? ווי מיין הארץ האט מיר גע־
זאגט —: וואס איז געווען אזוי מאדנע ענלעך צו מיר אליין! אזש עס
האט מיך געחידושט: הלמאי אנדערע האבן עס איצט נישט באמערקט אף
מיר!...... וואס־זשע: איר פארשטייט נים, צי איר גלויבט מיך ניט, צי
וואס? מיר זענען דאך ביידע: — איך, און יענער פארשטארבענער מאן,
וואס האט מיין פ ר א ז א י ש ל ע ב ן אפגעלעבט פאר מיר אף
דער וועלט — א וודאי, אין איינע יארן געווען; ווי דען אנדערש?......
איר הערט? איך האב מיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט. געמיינט, איך
קום אום. געפירט מיט דער האנט איבערן שטערן. געשפירט, ווי די גע־
הירן אין מוח דרייען זיך איבער; פינצטער ווערט פאר מיר מיין וועלט —
ווי פאר א תהום..... אזוי בין איך געשטאנען, ווי געליימט, פאר יענעם
בילד, וואס איז געהאנגען איבער מיר אף דער וואנט; און געפילט: ווי
מיין הארץ שלאגט, ביז צום ארויספאלן — פאר שרעק, פאר פיין, פאר
גרויל אויסטערלישן, פאר וואנזין... איר פארשטייט עס אביסל? גענומען
א מענטשעלע — א ב י ל ד — אט, א שטייגער, ווי יענץ טראגישע פא־
טאלע בילד פון דאריאן גריי —: און זיך אפגעלעבט א לעבן פאר מיר;
זיך געמאטערט פאר מיר; קינדער געבראכט אף דער וועלט פאר מיר;
געעלטערט געווארן פאר מיר; אזא שוידערלעכן זעלבסטאפפער געבראכט
פאר מיר; אליין, פאר זיך — גארנישט; אלץ, אלץ פאר מיר — דעם
דויבער, דעם שטוילער, דעם וואלד־גזלן: וואס האט אים אליין — זיין
איינן מענטשלעך לעבן — אזוי נידערטרעכטיק אויסגעפלינדערט, דער־
מארדעט... נו: און אפגעלעבט האט ער, א וודאי — איידל, פיין און
שטיל פאר מיר; געלאזן נאך מיר א גוטן נאמען — ווי מע זעט עס איצט־
צו פונעם גרויסן עולם, וואס איז געקומען מיך באגלייטן צו מיין אייבי־
קער רו — אלעס, ווי בא לייטן, אין בעסטער ארדענונג... און דאס אלץ:
אום איך, דער געמיינער יונג, זאל מיר קענען פארבלייבן — אייביק יונג,
פייפלש פריי און לוסטיק; און — ווי יענער אויסוואורף דרעגנעראט דא־
ריאן גריי פ ו נ ע ם ל ע ב ן — באניין מיינע בחורשע פארברעכנס
אומגעשטערט, באטאג, באנאכט; מיינע לעסטיקע נידערטרעכטיקייטן, פיי־
ניקונגען, גבזהדיקע אוואנטורעס — איבער יונגע זיסע מיידלשע לייבער,
איבער קינדער כמעט, איבער יוגנט; און בלייבן אלץ — אומבאשטראפט
אנשטענדיק־יונג פאר דער וועלט, ווי געווען...

— ...זאגט: איר זעט שוין איצט, דר. — מיט וועמען איר האט דא צו
טון, און ווער עס זיצט דא פאר אייך? זאגט: איר ווייסט — ווער?! איר
ווייסט: ווער עס האט גענומען און דורכגעפירט איבער מיר אזא ברוך־

טאַלע טייפלשע צעטיילונג; פון מיר אויסגעטיילט אַלדאָס אַנשטענדיקע,
מענטשלעכע, סאָציאַלע; עס געלאָזן אין אַ באַזונדער געשטאַלט, אַז עס
זאָל זיך אויסלעבן די יאָרן און פאַרשווינדן...; נאָר   א י ן   מ י ר
א ל י י ן   קאָנצענטרירט — אַלדאָס פרעכע, שלויע, אומגעצוימט־געמיינע,
אַנטי־סאָציאַלע; די גאַנצע פוילנדע אַלצצעפרעסנע גאַנגרענע; וואָס לעס־
טיקט, שפּאָט, שענדעט אַלץ: די וועלט, דאָס לעבן, דעם טאָג, דאָס ליכט,
דעם מענטש; אָ, דעם מענטש,   ד אָ ס   א ו מ ש ו ל ד י ק ע   ק י נ ד ;
וואָס וואַרפט זיך אַף אַלץ צו צעשטערן, צעפרעסן, פאַרלענדן!; נאָר, אַזוי־
ווי די בעסטיע ווערט, ענדלעך, דאָך פון אומעטום, מיט האַס און עקל,
פאַרטריבן, — וואַרפט זי זיך — מיט איר גאַנצער צעיושעטער נקמה־
פליונעדיקער דורשט — אַף יונגע אומשולדיקע קינדיש־מיידלשע לייבער
פון געפאַלענע: וועלכע פאַרקויפן זיך, אין זייער אומגליק, צו שאַנד, —
אַף זיי אויסצולאָדן די גאַנצע אומדערזעטלעך־פינצטערע יוכע; פאַר די הינ־
טישע פּאָר סענט — זיך באָדן אין זייער בלוט, זיי פּייניקן מיט ליבע און
האַס, פון זיי רייסן שטיקער; וועלן זעען אפילו באַ זיי, די געפאַלענע,
אַרויפקומען טרערן פון בושה און וויי; אָנשלאָגן אפילו אין זיי — די
אָרעמע מענטשן־קינדער כאַ גאָט — די טיפסטע מענטשלעכע צאַפּלע־
ניש: אָ, די אַזוי טיף דערשלאָגענע, די פאַריאָגטע, די פאַרגראָבענע; אָט
אַהינצוצו — אין סאַמע אומבאַפלעקטסטן קדשי־קדשים פון זייער זעל, פון
זייער וואָרצל־גיגנגאָלד, פון זייער שניי־ווייסער נשמה־טויב — זיך אַריינ־
רייסן, ווי דער ברוטאַלסטער מאָנסטער: אין דעם בתולהדיקסטן מיידלשסטן
וויינגאָרטן פון די געפאַלנסטע; און דאָרט ערשט — אַלעם צעשטערן;
ווילד־צעיושעט באַכראַקען, אויסראָיען, אויסוואָזיען; זיך־אַרויפוואַלגערן
אַף יענע אומשולדיקע קינדער; און — ע ר ש ט   ד אָ ר ט — בעסטיאַליש
זיי שענדן; און נאָכהער, זיי אָפּערשלעפּן   פ ו ן   ד אָ ר ט — אַף דער
ליכטיקער שיין; פאַר די האָר זיי אָפּערשלעפּן, פאַר די פיס, פאַר די
וואָרצלען פון די בריסטן, פאַרן וואָלד פון זייער ליבע; און — הכנעהדיק
דערשלאָגן אויפגעפּראַלט דורך און דורך, — זיי אַנידערשליידערן אַף דער
ערד — פאַר דעם אייגענעם אויפגעברויזטן ליבע־האָר אינעם וואָלד; און
דאָ, באַניים — טרעטן זייער לייב; זיי שענדן ביז לעצט; זיס, גליקלעך־
צעקוועלט, אידעאַל־פאַרליבט — זיי געניסן... זיי געניסן...

— ...אָט אַזוי, דר׳., בין איך נאָך לאַנג דאָרט געשטאַנען, פאַר יענעם
פאַטאַלן בילד פון מיין לעבן; און געלייענט אין דעם: מיין בראָך, דעם גזר
פון מיין זינלאָזיקייט, פון מיין אימפּאָטענטער לצישער עקזיסטענץ אַף
דער וועלט... איר וועט מיר גלויבן? איך האָב געקוקט, מיט טיפער קנאה
— אַף יענעם, וואָס אַפן בילד: הלמאי ער האָט שוין זיינס איבערגעקומען,
פּטור־געוואָרן פון אַלץ מיט אַנאַנדער, געוואָרן באַפרייט; בעת באַ מיר —
דעם גליקלעכן פרייען מענטש אינעם לעבן — הויבט זיך עס ערשט אָן......

ביז, עס האָט גענומען ווערן שפּעט; דער עולם (און איך אינדערמיט,) האָט זיך גענומען גרייטן גיין אַף מיין לוויה; געקומען די צייט — מיך פון אים צו געזעגענען... און איך האָב, אַ טיף־גערירטער — איר וועט מיר ווידער מוזן גלויבן — מיך פאַרנויגט פאַר יענץ אָרעמע מענטשלעכע געשטאַלט אַפן בילד; געבעטן בא אים מחילה פאַר אַלץ; מיך גאָרנישט געקאָנט פון אים צעשיידן; אָ, הגם איך האָב אַזוי קלאָר באַנומען: אַז דאָס אַלץ, וואָס האָט דאָ, צווישן אונז, פּאַסירט, איז — אַזוי טייפלש־בלוטיק־שווידערלעך, נישט צום פאַרצייען גאָר קיינמאָל... איר הערט, דר — קיינמאָל!

— ...אָבער דאָ, פריינט לייבניץ, האָבן מיר זיך קוים ערשט דעררעדט צום עיקר!... איר האָט דאָך בא מיר, די גאַנצע צייט, ניט געפרעגט: ווער איך בין; פונוואַנען איך קום; וואָס איך טו... זעט איר: עס איז ניט געווען נייטיק אויך; וויבאַלד אַז איך קום עס אייך אויסדערציילן אַליין...

און דער קראַנקער האָט אָפּגעאָטעמט, אַ ווײַלע. ער האָט זיך, אַ וודאַי, נישט געגעבן קיין רעכענונג: אַז דעם אַ גאַנצן מוטנעם פלייץ פון אים האָט דער דאָקטער בכיוון אָנגעשלאָגן — מ׳ט זיין פראַגע וועגן היי־ראַט... ווייל: וואו דען, אַז נישט אין די נעגל פון געשלעכט און אומזין זאָל צאַפּלען אַזאַ אויסטערליש־צעפּאָרענער טיפּ?...

— אָ; מע דערקאָנט גלייך אין אייך דעם אייראָפּייער, פריינט דע־מערונג...

— יאָ, הער דר.! איר האָט רעכט... — האָט דער קראַנקער אַזוווי גענומען קומען צו זיך, צוריקקערן; זיך אומקוקן, וואו ער איז. נאָר באַלד — איז ער ווידער, ווי אַריין אין זיך. דער בליק זיינער האָט זיך פאַרנעפּלט און דאַרט, הינטער די נעפּלען, זיך גענומען מינען: אַט העל, אַט טונקל — פאַרשיידן. אַזוי, די גאַנצע צייט. דאָס האָט, במילא, ווי פון זיך אַליין, אָפּגעשלאָגן, מיט פאַרוואַנדלונגען אַלערליי, אַף זיין צורה: אַט — זי באַ־לעבט, אויפגעשפּילט, זי דערוואַרעמט; אַט — זי פאַרכמורעט, געמאַכט פאַרביסן, צעצערנט; און אַט גאָר — זי פאַרשפּיצט צום שלעכטן שפּאַט, צו חוזק. פּאַראַלעל מיט דערמיט — זענען אויך געקומען זיינע מימיקס, און די זשעסטיקולירונגען...

— ...די סיבה, אַ פּנים, זאָל געזוכט ווערן אין נאָך איינער אַ ריכ־טונג, אפשר: אין דער היים... איך בין אַ איינגעוואַנדערטער, שוין פון אַסאַך יאָרן. איך קום פון אַ קליין שטעטל אין אייראָפּע, וואו עס איז געווען מיין היים; דאָס הייסט — די אייביקע היים... דר. לייבניץ! איר האָט אָנגערירט נאָך אַ טיפע וואונד אין מיין וועלט; גאָר גאָר אַ טיפע; אפשר — די טיפסטע, זינט איך בין געקומען צו מיין פאַרשטאַנד... איך האָב, אַסאַך יאָרן, געבענקט צו מיין היים. בלוטיק, אַטאַוויסטיש, גע־בענקט. וואָס איז דען — היים? היים, דאָס איז — איך. נאָך היינט צו טאָג — נאָך צענדליקער יאָרן פונדאַרט — ווען מ׳צ פאַרבינדט מיר די

אויגן מיט א טוך, — אזוי גיי איך, — אף בלינד, אומגעשטרויכלט — און ווייז: די געסלעך, די גאסן, די בערגלעך, די טאָלן — פריי, אומגע־שטערט; אזויווי איך וואָלט מיך גאָר ניט געווען אָפּגעשיידט — איין רגע אפילו — פון דער היים... ווייל אַלץ, דר., איז דאָך דאָרט, א ווּדאי, געבליבן אומגעענדערט; אָ, אזוי קינדיש שפּילעוודיק פריש, ווי געווען; ווי אין מיר, ווי אין מיין בלוט, ווי אין מיין האַרץ. ווי די היים, דאָס אַלץ איז דאָך — איך מיט די ביינער; טיפער נאָך פון מיין פלייש, פונעם בלוט... מיר דוכט, דר.: אַז ווען איר נעמט און צאַפּט אָפּ פון מיינע קאַ־נאַלן דעם גאַנצן קאָכיק־צעשטורעמטן ים פון מיין בלוט, — איז: ווייסט איר, וואָס פאַר א בילד עס וואָלט זיך געווען דעמאָלס אַנטפּלעקט פאַר אייער בליק? — זי, די היים; יענץ אייביקע וואָרע לעבן אין מיר, די איינ־ציקע רעאַליטעט, מיין איינציק זיין... אָ; איר האָט רעכט, דר... אַלעס, וואָס גייט דאָ אָן מיט מיר, — איז א קאָשמאַרער טרוים: וואו איך זע מיך — בלויז נאָכקרומען שלעכט מיין אופן עקזיסטירן אין דער היים... איר וועט דאָך צוגיבן: אַז מענטשן אינערלעכע, דערשלאָגענע, מיט אַן אָפענער בלוטנדער וואונד, — (און אַזאַ איז זי, די היים, תמיד פאַרבליבן באַ מיר אינעם געמיט;) לעבן זיך אויס איינציק — דאָרט, וואו זייער טרוים!... איז וו אָ ס — אַז איך בין פאַרפאָרן אין א וויטער פרעמדער וועלט, זע א אַנדער הימל פאַר די אויגן? נו — איז זי, דאָרום, אפשר, ד י ה יי ם, פון מיר פאַרשוואונדן?!. זי איז אריין אין מיר אין דער טיף, ווי א שיקזאַל; און זי בלוטעט, וואו זי לויכט, און זי לעבט — איר הערט? — אזוי קינדיש פרימיטיוו ראַשיק, אָ, דער זעלבער בלאָער האַר־ציקער הימל, ווי געווען... א האָר נישט געענדערט, נישט פאַרטונקלט, גיין. די זעלבע שטורמישע טעאַטער־עקסהיביציע באַ קינד און קייט, באַ אַלע פון דער יונגער היים פאַראַמאָל. ווייל: וואָס זענען מיר דען אַלע גע־ווען אינדערהיים, אַז נישט — יונג ראַשיק צעשפּילט, ווי די קינדער אַל־ציינס, באַ יונג און אַלט? איז וו אָ ס — אַז איך בין אזוי ווייט אוועק פון דאָרט: מיט מיין אויג, מיט מיין גוף, מיט מיין לעבן פאַר דער וועלט? אַז היים ווערט שטאַרק דערווייטערט, — ווערט זי — טיפע איך־סטרוק־טור. לאָזט זי זיך אַראָפּ אין מיר צום גרונט — דאָרט, וואו צעבושעווע־טער אימפּולסיווער כאַאָס, מיט זיין לצישער באַנדע, שפּילט אייביק טעאַ־טער, אין דער פינצטער; פאַרט אַרום פון פונקט צו פונקט, ניט פאַרשטע־לונגען; נאָר, דער עיקר: רייסט ער זיך צום צענטער, צום מאַרך: אָ, צו דער־לאַנגען אַהין און שטעלן דאָרט די גריילעכע פּרעזענטאַציע, לאָזן געפּלעפּט די גאַנצע וועלט!; אָבער: ער ווערט פון מיר, דער כאַאָס, נאָכאַנאַנד צו־ריק פאַריאָגט אין דער טיף... איז — אַהינצוצו דערלאַנגט זי איצט, די היים; אָט, וואו זי שפּאַרט אָן, מאַכט יד־אחת מיט דער באַנדע... א גאַסט פון דער אויבערשטער וועלט; אַן אומגעריכט־אַרויסגעשליידערטע פון איר־

מיט; אליין, אן אפגייענדע, פון בענקשאפט, אין בלוט, — ווערט זי אויפ־געגומען, אזוי גערן. דורך אלע אין דער טיף... איצט, צוזאמען, מיט בא־נייטע כוחות, — נעמט מען אויפשטעלן דארט — אין ליכט־און־חושך־פערספעקטיוו — די בינע־ברעטער, דאס טעאטער; און ארויסשפילן פון מיר, אויס דער טיף: אָ, מיט אלע מיינע מימיקס, צנאָטעס, העוויות, גע־זאנגען, יוגנט־דעקלאמאציעס פון אמאל, פון אמאל — א האר ניט געענ־דערט... זי זוכט מיך איצט צו פאקן, די היים; מיר דערמאָנען אלץ אזוי קלאר... אָ, זי קאָן דאך מיך אזוי אויסגעבונדן: ווער איך בין געווען, ווער איך בין, מיט מיין לעבן, מיט מיין שטרעבן, מיט מיינע גענג, אוואנטורעס, נעיענן... אין: אפשר, ערשט, אצינדערט, דאָ, אין דער פרעמד, מיט מיין עלנט, אין מיין זיין אליין, — וועט איר דאך געלינגען — אָט אזוי־ויי איך גיי און שטיי: מיך אננעמען פאר מיין בלוטיקן נאפל, וועלכער שטעקט נאך אלץ אין איר — און מיך אזא שליידער־טון אף צוריק אהינצוצו, צו זיך...... אין — ווי־זשע מיינט איר, דר.: אז עס דאַרף איר אזוי שווער אָנקומען דאס צו דערגרייכן?...

— ...און דאך, (צי — ד ע ר פ א ר) — איר הערט, פריינט לייבניץ? — באפאלט מיך א שרעק, א טויט־געפאר, — ווען איך גיי מיך צורירן צו דער מיסטעריע — היים... ווי דאס בלוט אין מיינע לאָנלען ווערט גע־דיכט שווארץ־שוימיק צעזאָדן אומרואיק פון באריירטן אומזין, וואס רופט שיקערן זיין גיפט, באנומען ווערן און, אין בלוטיק־אויפגעראשטער וויזיע, באגיים אויפגיין אין קינד און יוגנט קאראהאָד, אין פרייד און פיין בא־העפטונג מיט די מוטנע פעטריפיצירטע סטרוקטור־געשטאלטן פון מיין נשמה־דעק, פון מיין איך, פון מיין אייביקן זיין...

— ...ווייל, איר וועט דאך קלערן, א וודאי, בא זיך, דר.: וואס איז די סיבה, וואס איך בין אוועק פון דער היים? און אפשר — איר הערט: בין איך גאר פון דאָרט אנטלאָפן אין דער וועלט זיך־ראטעווען — ווייל די היים האט מיר געדראָעט מיט אומזין?!.

— ...איצט, קומען מיר צו, פריינט לייבניץ. מיר האלטן זיך אין דערנענטערן...

* * *

— ...אָ, געשען איז עס נאך — מיט אסאך יאָרן צוריק; שוין נישט, אין מיינע קינדערשע און ערשטע אינגלשע יאָרן... מיין פאָטער — אן אויסטערלישער מענטש געווען, א מרה־שחורהניק — האט מיך דאן פלור־צים אפגעטיילט פון חברים, פון מיין אייגענער פאמיליע; מיך גענומען און פארשיקט, אף לאנג, אין דער ווייטער פרעמד, שטודירן...... איך האלט — איר הערט, דר.? — אז דאס האט (א חוץ אלדאס אנדערע) מיך אפ־

געקוילעט. מיך אנדערש געמאכט פון א וועלט מיט מענטשן. מיך אפגעשיידט פון אלעמען. געלייגט אף מיר דעם שטעמפל פון זיין אליין, אויסגעטיילט, אזוי ווי מחוץ למחנה; זיין אנדערש, איינציק... — ז יי ן, אדער — נ י ט זיין? דאס הייסט — דארפן אויפהערן זיין?!.

— ...איז: דארט, אין דער פרעמד, האב איך שטודירט — יארן, צווישן אסאך אזוינע, ווי איך. נאר, אין דער זעלבער צייט: האבן מיר אלע טייפלש געהונגערט צו דער ליבע; זי קראנקהאפט פארשפיצט: דערפירט, ממש, ביז וואנזין; געברענט און געווארן פארברענט...... א, א וודאי, איז דאס געווען א גרויס שוידערהאפט פארברעכן! וואלט איך, די אלע יארן, געווען געוואקסן אינדערהיים, צווישן מענטשן, צווישן אייגענע, צווישן פריינט, באקאנטע אינגלעך מ ט מיידלעך, היימישע, — וואלט איך, געווען געלעבט, ווי אלע; געווען מיך אויסגעלעבט, אזוי ווי יעדער אנדערער פון מיין גראד; וואלט איך געווען געליבט, געליבן, נישט אנטפאלן געווארן בא זיך און, ווי יעדער אנדערער דרייסטער יונג, ווייטער געגאן אין קאמף, צום פארמעסט... יא; אין דער היים: וואלט זי — דאס מיידל, די פרוי, די ליבע, — געווען אנגעקליידט, אין מיין דמיון, ווי בא יעדן — אינעם געשטאלט פון א מענטשן... אזוי אבער — דארט, אין דער פרעמד, אין מיין איזאלאציע־שגעון, צווישן אזויפיל אומצייליקע פרעמדע עלנטע ווי איך, — איז זי — דאס מיידל דאס פרויען־געשטאלט, וועלכעס איז קיינמאל נישט אוועק פון אונזער געמיט, — אויסגעוואקסן, אין אונזער שיכורן פארהונגערטן פארפייניקטן עקסטאז — צו עטוואס געטלעך־מאנסטעריעזס, שוידערהאפט גיפטיק־זיסעס; וואס סארפעט מיט בראנד אין די גלידער; וואס בלענדט, מיט טייפלשן צויבער, פארן נאקעט־צעשראקענעם בליק; א, וואס מאניעט אונז, אומגליקלעכע יונגנטלעכע, וואס רעגט אונז: זיך ארויפווארפן אף איר, מיט אונזער בראך; און איר — קיין לעבעדיקער — שוין נישט ארויסלאזן מער פון אונזערע קראמפהאפטע הענט; און איר דערשטיקן, דערווערגן, א סוף צו איר מאכן, אי צו זיך; א, בלוטיקע נקמה אין איר נעמען — פאר אונזער פיין, פאר אונזער עלנט, פאר אונזער שרעק, פאר אונזער פארשוועכטן פארשניטענעם זיין...

— ...איז, ווען נישט יענער מלחמה־אויסברוך, אין 1914 — ווער ווייסט, צי איך וואלט נאך געווען אמאל צוריקגעקערט פון דער פרעמד... דארט ערגעץ, וואלט איך שוין געווען פארבליבן, מיט מיין אומגליק, פארוויסט...... אזוי אבער: די געפאר איז געווען גרויס — צו בלייבן אפגעשניטן. איבערגעשראקענע טאטע־מאמע האבן גערופן...

— ...אבער: אהיימגעקומען, דר., איז — איר ווייסט — ווער? — א געענדיקטער מנוול! גארנישט איז געווען פאר מיר קיין אפהאלט מער — פאר מיין אומדערזעטלעכער טייפלשער לוסט... איך, דער טיראן, האב אזויפיל צייט פארלארן; די בעסטע מיינע אינגלשע יארן!... איצט, האב

איך געמוזט אָניאָגן דאָס פאַרלאָרענע; אָ, נאָר נישט פאַרשלאָפן די צייט מער!..... אַ שיינער בחור בין איך געווען. פונקט אַזוי ווי הנפילים היו בארץ, ווי אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל אַף דער ערד. ויראו בני אלוהים את בנות האָדם, כי טובות הנה; ויקחו להם נשים מכל אשר בחרו... און איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן אין מיין פאַרשפּעטיקטן אינגלישן קאַמף..... וואָס איז דאָס געווען? אפשר — קאַמף פאַר מאַכט? באַהערשן אַ פרוי, איר ליב באַ־קומען, איר נעמען? — אָ, ניין, נישט איך — דער איבערגעבראָכענער, גע־בוירענער שוועכלינג — האָב ווען געחלומט פון מאַכט. איך בין געווען — ראש־צעשמעטערט — זינט איך געדענק זיך — אין מיינע פ אַ נ ט אַ־ז י ע ס ; דערפאַר — שעמעוודיק־אָפּהענטיק-געליימט — ווי נאָר איך בין געקומען אין אָנבאַריר מיטן לעבן. זענען צו דעם נאָך צוגעקומען די בעסטע אינגלשע איזאָלאַציע־יאָרן: ווען איך האָב געלעבט — אינגאַנצן אַ אַרויסגעטריבענער אין דער פרעמד — און מיך לחלוטין ברוטאַל פון לעבן אָוועקגעריסן; מיך אַטראָפירט געמאַכט פולשטענדיק פאַר דער וואָר פונעם טאָג; מיך לגמרי פאַרווכיילט צו אַ גוואַלדזאַמער אימפּאָטענטער צוריקגעצויגנקייט, פאַרטראַכטקייט; צו אַ שוועכלינגישער קאָנטעמפּלאַ־טיווקייט: וועלכע האָט זיך אויסגעזאָדן אין זיך; זיך־איבערגעקרענקט, פון אומזעכטיקייט.. טאָ, זאָגט: וואָס פאַר אַ אָנקער האָט געקאָנט האָבן אַזאַ איינער, ווי איך — מיט מאַכט?! — געשלעפּט געוואָרן בין איך בלינד דורכן עפּילעפּטישן צעשראָקענעם טייוול, וואָס אין מיר; וואָס האָט מיך שוין געטריבן צו דער שעה פון צעצאָלונג; וואָס האָט שוין מיר אַ חשבון צוגעשטעלט — פון אומקום...

— ...אין מיין ספּאַזמאַטישן פלאַטער — ווי מע דאַרף זיך פאַר־שטעלן, דר — בין איך שוין גאָרנישט געווען איבערקלויבעריש. געגאַן איז דאַן די צייט פון מלחמה־הפקרות; פון זנות און בלוט־שאַנד. אַלע גע־ווען פאַרזונקען אין טומאה. אין לוסט-געיעג נאָכן טויט. זיך אויסגעמישט אַריסטאָקראַטיע מיט פּעבל, אַזויווי מיסט. נו, בין איך אומגעקראָכן, ווי אַ שרץ, אינדערמיט; מיך געראַיעט, געזוכט מיין פאַנג... ניין. עס איז נישט געווען קיין שום אָפּשטעל פאַר מיין פרעכהייט, פאַר מיין ליבע, פאַר מיין לוסט. און דאָס, וואָס איך אַליין בין נאָך נישט געהאַט אַזויפיל דער־גאַנגען, — האָבן מיר אונטערגעזאָגט איצט און געלערנט חברים: „— זיי פרעך, זיי דרייסט, זיי אוממענטש — וועסטו אַלץ באַ זיי, דעם נאַרישן פרויען־מין, דערגרייכן!...” און איך — דער פריש־געבאַקענער העלד, דער געטרייער תלמיד — האָב אויסגעהערט און געפאָלגט; און געווען באַ זיך איינגערעדט — אַז איך האָב דערפאָלג...

— ...אַ וודאי, בין איך געווען „גליקלעך” דאַן, דר... אָבער איצט — איר הערט — ווייס איך נישט... עס האָט זיך מיר, פּלוצים, געשטעלט די פראַגע: — וואָס איז עס אַזוינס — ווידוי?... אָט זיצט דאָ, אַצינד, למשל,

איין פרעמדער מענטש פאר א צווייטן ווילד־פרעמדן מאן און דעקט זיך אויף פאר אים אינגאנצן. וואס איז עס? א סאציאלער דראנג צו באַגייונג? ארויסטרייבן פון זיך דעם עיפוש און אליין ווערן — דערהויבן, פריי? אדער: צי איז דאס גאר — דער קראנקער פרענעטישער דראנג: אנצוגיסן פאר זיך דעם מוטנעם אנפלייץ, אום אליין אין אים צו בלייבן פארזונקען? און דערצו: נאך קומען צוגיין צו יענעם — אויסגיסן דעם פאמעשאף, אנסראטשען; און נאך ווארטן אף א ליוב־ליד, דערפאר!...

— ...דר.! איך וויים ניט מער: וואס מיט מיר פאסירט אצינד... זאגט: איר הערט מיך נאך אויס?... א, רופט זיך כאטש אן מיט איין ווארט: — איר דערקענט מיך נאך? בין איך אלץ — דער זעלבער? דער — וואס מיט א מאמענט, ביז איצט?... ווייל, עפעס שפיר איך מיך פלוצים — אויסטערליש, ניי, אנדערש... יא — אנדערש, דר. לייבניץ. און אזוי ווייט, אזוי פרעמד צו אייך... זאגט: וואס זענט איר? מיינער א פריינט, צי א פיינט?...... אבער — וואס האב איך דען מורא פאר אייך? וואס איז זיך דען פאראן צו שרעקן?... כא־כא! איר הערט? אז מיר גלוסט זיך גאר לאכן פון אלץ מיט אנאנדער! פון אייך; פון זיך אליין; א, פון דער גאנצער וועלט!... איר ווייסט: ווי איך קום זיך פאר, אצינד, א, מיט מיין גריילעכן „ווידוי” פאר אייך? אט, וועט איר הערן... אזוי־ווי יענע אל־טיטשקע, וועלכע איז זיך אויך געקומען „מתוודה”־זיין פארן גלח און, אין דער אמתן: זיך, נאך איין מאל, באלעקן־באסליונען מיט אירן, א, אזא ווייטן זיסן נאש פון דער יוגנט... אמת, דר — עס איז צום לאכן?... אנו: שטעלט אייך פאר, אדרבה, אליין...

*

— ...עס גייט די צייט פון זנות־הפקרות אין מיין היים. די צייט פון מלחמה. די בין־השמשות־צייט, נאך איר... קיין מלכות. קיין סדר. היינט — דער; מארגן — א נייער... באלעבאטישע שטיבער זענען געווארן בור־דעלן פאר זעלנער פון כלערליי אינוואזיעס. די ארעמע שטיבער זענען געווארן — ביליקע בורדעלן פאר פ ר א ס ט ע ז ע ל נ ע ר : וואס האבן בלויז געבראכט צום פרעסן; דערפאר, גענואפט מיט דער מויד, צי מיטן יונגן ווייב פונעם הויז; און דאס אלץ איז באטראכט געווארן פאר־נאטירלעך, און מע האט זיך גאר אנדערש ניט געוואונטשן... און אריס־טאקראטישע סוחרישע הייזער זענען געווארן — פארפומירטע בורדעלן פאר מיליטארן פון העכערן ראנג: וועלכע האבן שוין אנגעבראכט רייכ־טום; געהאלפן פירן און געשטיצט טרפהן פארבאטענעם מסחר; געווארן שותפים צו די געשעפטן; ארויסבאקומען דערלויבענישן פאר די הויפטן פון דער שטוב, וואו זיי זענען געווען איינגעקווארטירט: נאכצופארן די־

אָרמייען, אין זייער רויב־און מאָרד־מאַרש איבער שטעט און דערפער; און דאָרט — אויפזאַמלען, פאַר אַ שיבוש, דאָס אויסגעפלינדערטע האָב און גוטס: פון — אָרעם בעטגעוואַנט, אויס אַ וואָרעמער צעשטערטער שטוב, — ביז אַ גאָלדן רינגעלע פון אַ כלה־מיידל, וועמען אַ פאַרברעכער־אַ סאָלדאַט האָט צוערשט געשענדעט, נאָכהער זיך איבער איר איזדיעקע־וועט און איר דערשטיקט. געקומען צום באַרויבן, — האָט ער אָבער, באין־אופן, ניט געקאָנט אַראָפּנעמען דאָס רינגל פונעם געשוואָלענעם פינגער פון דער טויטער כלה־מויד. האָט ער געכאַפּט דעם שטיליעט, איר אָפּגע־האַקט דעם פינגער באַנאַנד מיטן רינגל, אַזוי עס פאַרהאַנדלט בחצי־חינם...... אָט דאָס אַלץ האָבן די הויפטן פון דער פיינער איידעלער שטוב אַהיימגעבראַכט, קאַפּיטאַלן געמאַכט... צו דעם — ווי געזאָגט — האָבן די הויכע איינקוואַרטירטע אָפּיצירן אַהיימגעבראַכט דאָס ז יי ע ר י ק ע אָ נ ג ע ר ו י ב ט ע, עס אָפּגעגעבן אין דער שטוב פאַר אומזיסט: ווייל, וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס בא זיי געהאַט? זיי האָבן געלעבט אין דער פרעמד, אינגוואַזאָרן געווען, ווייט פון זייערע היימען; זיי זענען געווען עלנט; זיי האָבן געשוועבט תמיד צווישן לעבן און טויט; און זיי האָבן גע־גלוסט די מינוט פאַרגעסעניש אין דער לוסט, אינעם גענוס, אינעם הייסן זיסן שוים פון דער פרוי; נו, האָבן זיי דאָס אין יענער הויכער פיינער איי־דעלער שטוב באַקומען. זיי זענען געשלאָפן מיט דער מוטער און מיט די טעכטער. מיידלעך — נאָך קינדער געווען, אין די צוועלף, אין די דרייצן יאָר, — האָבן זיי — די געניטע פערווערזע אויסוואורפן — זיי אַריינגענו־מען, יענע קינדער, צו זיך אין די פאַרפומירטע צימערן; זיי אָנגעשיקערט, זיי צערייצט; אַזש די עלנטע קינדער האָבן גענומען זשיפען, פאַר אוי־סערזיכיקער פרעמדער אומבאַקאַנטער טויט־לאָסנדער שרעק־לוסט; געלאָזט פון זיך אַרונטערררייסן די בלאַנקעטנע שמעקעדיקע קליידער; געלאָזט ספּאַז־מאַטישע עפּילעפּטישע הענט אומצאַפּלען איבער אַלע זייערע בתולהדיקע פרעכטיק־אָנגעשפּראָצטע מיידעלשע אינטימקייטן; אַליין פאַרגאַן אין אַ וואָ־יען־עקסטאַז; אין אַ וואַנזיניקן זיסן פלאַמער, צווישן הימל און ערד, צווישן בראַנד און חושך; אַליין זיך געדריקט אַנטקעגן דעם סליונעדיקן פּיסק פו־נעם דבר־אחר, וואָס האָט איר מטמא געווען; אָ, אים שוין ניט אָפּגעלאָזט, ווייל — ניט געקאָנט אָפּרייסן זיך פון אים: פון זיין טייפלשער פּאָטענ־טער מענלעכער ליבע, וועלכע האָט געשלאָגן און געפלייצט, מיט זיסן טייפלשן בראַנד, אין איר טראַכט; און געחלשט איבער אים; אים גע־קושט און באַגאָסן מיט הייסע טרערן זיינע הענט, וואָס האָבן אַזוי זיס געקנאָטן און געפייניקט איר לייב; בא אים זיך־געבעטן: ער זאָל אויפדעקן פאַר איר נאָכמער סודות פון דער לוסט; אָ, איר באַגליקן און נידערן מיט איר נאָך טיפער — ביז לעצט — אין די פינצטער־בראַנדיקע קעלערן פון דער פערווערזיע...

— ...דערנאָך: אַז די מלחמה איז אַוועק, מיט אירע אינוואַזיעס; און עפּעס פון אַ סדר, פון אַ דריקנדער שטייגער־מאָראַל, פון אַ כלומרשטער בושה און חרטה האָט גענומען אַרויסקריכן אויס אַלע לעכער, צוריק זיך אָנרוקן אַף דעם לעבן, אַף די מענטשן פון מיין זענען אָבער די פיינע אַרויפגעאַרבעטע שטיבער — זיי, די אייביקע טאָן-געבער — געבליבן, נאַטירלעך, אומבאַרירבאַר פאַר לייטישע מיילער, פאַר באַרעדעדייען. פאַרקערט; זיי אַליין זענען דאָך געווען — דער גוטער טאָן, די מאָראַל!..... דערפאַר — איז דער גאַנצער צאָרן געוואָרן אויסגעגאָסן אַף אָרעמע שטיבער; און אַף די הייזער פון פאַמיליעס־יורדים, פון געוועזענע גבירים, וועמען די מלחמה האָט אָפּגעשווענקט, געבראָכן. אַ גאַנצער גראַד במעט איז דאָס געווען אַזעלכער — פאַרמלחמהדיקע גביר־שע אַריסטאָקראַטיע: וועלכע האָט ניט געקאָנט זיך צופּאַסן, באין־אופן — מיט אירע מנהגים־באַנעמעכצן פון אַלטע יאָרן — צום כאַפּ־לאַפּ־זשום־האַנדל פון די מלחמה־צייטן; און זי איז אונטערגעגאַן, צוזאַמענגעבראָכן, פאַראָרעמט געוואָרן; געפאַלן גלייך אין זומפּ; פון כאַמע העכסטן שטאַנד — צום נידעריקסטן. אָבער — הונגעריק איז מען געווען, צייט פון מלחמה; פרעסן האָט מען באַדאַרפט, — נו, איז געווען די מויד מיט איר לייב צו שאַנדע — און פאַרטיק!..... איצט אָבער: געענדיקט די מלחמה; די געשלאָגענע באַשפּיגענע מאָראַל איז ווידער געווען פונויבן, — האָט די אַרויפגעאַרבעטע בורזשואַזישע מלחמה־אַריסטאָקראַטיע — ווי געזאָגט: די טאָן־געבערן און וואַכערן איבער דער באַנייטער מאָראַל — גענומען נקמה אומדערבאַרעמדיקע און בלוטיקע אָן דער עכטער פאַראָרעמטער אַריסטאָקראַטיע; און איר באַשטראָפט און איר באַרעדט, פאַר אירע זינד — פיל מערער נאָך, ווי זי האָט דאָס געטון צו דער סאַמע־אָרעמסטער־ז י נ ט ־ ת מ י ד (זינדיקער) שטוב, אין דער היים...

— ...איז, גישט איין באַרעדטע טאָכטער פון אַ געפאַלן אַריסטאָקראַטיש הויז — כדי זיך צו ראַטעווען — איינגעגאַן אַפן נידעריקסטן: געגאַן און זיך פאַרקויפט ערשט צו אמתער אייביקער שאַנדע; חתונה־געהאַט פאַר עמיצן אַ אַרויפגעאַרבעטן יונג אַ ט אָ ן - ג ע ב ע ר , (וועלכער האָט, איינדערטיף — ווי מע מאָג זיך פאָרשטעלן — און ווי אַלע זייניקע, געלעכצט ביז־אויסגיין זיך־איינצוקויפן אין אַ עכט־ביסעלע אַריסטאָקראַטיע...) — און זי איז, אַזוי־אַרום, מיט איין קנאַל, געוואָרן באַפרייט ראַפּטעם פון אַלע צרות; זי איז דערהויבן געוואָרן... אַנדערע, ווידער, פון איר שטאַנד — מיט מער בושה, אפשר, אין זייער בלוט, — האָבן זיך ניט דערוועגט דאָס אָפּצוטון אין דער אייגענער היים: וועלכע איז געווען פאַר זיי תמיד — דער פיינלעכער אָנדענק פון זייער הויכער הערלעכער פאַרגאַנגענהייט; נו, זענען זיי געגאַן און זיך פאַרקויפט צו אַ ענלעכן אַרויפגעאַרבעטן מנוול פ ו ן ד ע ר פ ר ע מ ד ; אַריבערגעוואַנדערט און,

דאָרוך, געלאָזן די היים באַגראָבן אין האַרצן — אַ יונגע, אַ שיינע, ווי געווען..... אָבער דאָס זענען אַלץ אויסגעפאַלן — פאַלן געציילטע, אויס־געקליבענע; און דאָס רוב זייעריקע — מיידלעך פון אַזעלכע יורדישע שטיבער — זענען פאַרזעסן; און דאָס — כמעט, מיטן אייגענעם ווילן. שטאָלץ רעזיגנירט זיך־געבויגן פאַר דער פּאַטאַליטעט; צוגעגיבן: „זייער צייט איז אַריבער. מישן זיך מיט אַרויפגעאַרבעט טינוף עקלט זיי. איז זיי ליבערשט — אונטערצוגיין...״ אַט דאָס איז געווען דער סך־הכל פון אַ גאַנצן גבירישן גראַד, אַ געפאַלענעם...

— ...נאָר, פיל ערגער — ווי מע שטויסט זיך אָן — איז אויסגעפאַלן די לאַגע פון דער פאַרזינדיקטער טאָכטער פ ו ן ד ע ר ש ט ע נ ד י ק ע ר אָ ר ע מ ע ר ש ט ו ב — אין מיין היים. פאַר איר איז קיין שוץ ניט געווען אין ערגעץ. אַלע האָבן געריסן שטיקער פון איר לייב. עס האָט אויסגעזען: ווי דאָס וועט אייביק אַזוי אָנהאַלטן. מע וועט דאָס איר קיינמאָל ניט פאַרגעבן..... זענען אַסאַך אָרעמע מיידלעך אַנטלאָפן אין ערגעץ; פאַרשוואונדן, אויף אַ צייט, פון דער ליכטיקער שיין... נאָר, שפּעטער — געמוזט צוריקקערן. שוין נישט געקאָנט זיך, אַ פּנים, אויסבאַהאַלטן אין דער פינצטער מער. אַהיימגעקומען; נאָר — שוין לעצט־אומגליקלעך־פרעך; ווי די יעניקע, וועלכע וואַרפט שוין אַראָפּ פון זיך אַלע חרפות־בושות; אָ, זי לאַכט שוין פון דער וועלט..... אַהיימגעקומען — וואָס טוט מען מיט אַזאַ טאָכטער אין שטוב? דאָס הויזגעזונד שעמט זיך אַרויסצושטעקן פאַר לייטן די פאַרפלאַמטע צורה אין גאַס. נאָר די אייניקע, וואָס שעמט זיך ניט מער — איז בלויז זי אַליין, די מויד. זי גייט אַרום פראַנק און פריי איבער איר געסל, באַטאָג, אָפן אָוונט. זי גייט אַרום פרעך און לויז, ווי אַן איריקע; זוכט אָפּ דעם יונג, וואָס האָט איר — אַמאָל, ערגעץ, נאָך אין מלחמה־צייט — געשוואוירן אין ליבע... „...שרעק זיך נישט, איינגל!... אָ, ניין, זי האָט צו אים גאָרנישט. זי אַליין, מיט איר פירעכץ, טראָגט אויף זיך די גאַנצע שולד. זי וועט, איינגיכן, אַוועק אויף שטענדיק, אין דער וועלט, פאַרשווינדן, נישט צוריקקערן מער קיינמאָל אַהיים, קיינמאָל... נאָר איצט, עס איז איר אומעטיק; איז זי געקומען צו אים — בלויז ווי צו אַ באַקאַנטן פון אַמאָל, אַ פריינט — זיך אים אָפּגעבן, מיט דאַנק, אויב ער וויל... עט, גלאַט אַזוי, אין אָנדענק פון אַמאָל... ווייס, נאָר, פון מיין גוט האַרץ... אָ ניין! וואָס רעדט ער? זי וועט בא אים קיין איין מענט ניט נעמען דערפאַר. הער אויף! ווייל איך וועל ווערן אין כעס... איצט, קום, וואָס שטייסטו, בחור זיסער, ווי געליימט? נעם מיך און ליב!.....״ נו, און ער — וועט איר פרעגן, דר.? נאָר, צואוואָס די פראַגע? ווייסט איר דען ניט: אַז אַלץ איז געווען שקר אין מיין היים — די גאַנצע מאָראַל? — וואָסער מאָראַל? וועלכע מאָראַל? — זינד און זנות איבער אַלץ! איז נישט באַטאָג, איז באַנאַכט. איז נישט אין דער ליכטיק

— איז אין דער פינצטער, וואו די זינד גייט צו געשמאַקער... איז נישט מיט דער אויסגעגאָסענער קלאַאַקע אַ ף ד ע ר ג אַ ס — ווי אין דער צייט פון מלחמה, — איז מיט דער קלאַאַקע א י נ ע ם ק אַ נ אַ ל. אָבער דער ווילד-צערייצטער מוטנער שטראָם האָט געשלאָגן ספּאַזמאַטיש, ווי געוועזן...

*

— ...געוועזן איז מיין היים: נעכטן — רוסלאַנד. היינט איז זי געוואָרן אָפּגעריסן פון דאָרט. אין רוסלאַנד האָט געהערשט די נייע וועלט, די פרייהייט, די רעוואָלוציע. נאָר דאָ, אין מיין פאַרשקלאַפטער היים, האָט גענומען בושעווען פינצטערע רעאַקציע. וואָס האָב איך, אַ צעלאָזענער יונג, געוואוסט פונדערפון?...... חברים האָבן מיך איינמאָל באַקאַנט מיט אַ בלאָנדער קרעפטיקער „קאָמוניסטישער" מויד. אַזוי האָט זי זיך אַליין טיטולירט. דערציילט: אַז זי קומט פון דאָרט, ד. ה. פון יענער זייט גרעניץ. דאָ, איז זי שוין געזעסן אין טורמע — פאַר דער אידייע... „וועלכע אידייע?!." „...אַ, זי האָט געלעבט פריי. געלאַכט פון אַלע פאַרעלטערטע פינצטערע פאָרורטיילן... ווער עס איז איר נאָר געפעלן! מיט וועמען עס האָט זיך איר נאָר פאַרוואָלט!... און דערנאָך, זי האָט דערגרייכט אירס, — איז מען זיך גלייך פונאַנדערגעגאַן, מיט אַ געלעכטער! נ אָ ר — מיט אַ פריי לייכט געמיט; נ אָ ר — אָן געבייזער, אָן מרה־שחורה. אינגל: ד ו האָסט דאָס געוואָלט;אַ י ך . . . האָבן מיר זיך אָנגענומען פאַר די הענט; זענען מיר געגאַנגען, זיך געליבט, וויפל מיר האָבן נאָר געוואָלט אַליין; זיך־באַהעפּט, מיר האָבן זיך געגעבן אַזוי אייניאַנדער, וויפל מיר האָבן נאָר געקאָנט; זיך אַנטבלויזט אינגאַנצן, זיך־אַדורכגענומען, זיך־אַנטקעגנגעשטרעקט, אָפּן אַזוי, מיטן גאַנצן צעהיצטן לייב... אַצינד, זאָג: וואָס פאַרלאַנגסטו נאָך? טרייהייט, אפשר? שקלאַפונג? פע, פאַרשיוועער נודניק איינער! ליבער נאָר! זעסטו דען נישט אַליין: ווי מיין לייב איז נאָך אַזוי יונג און זיס, עס שיקערט, עס איז וואַיניק, עס איז זינדיק, עס איז געשלעכטיק, עס איז רייצנד, און עס צאַפּלט מיט געזאַנג און באַגער, אַ, עס לעכצט נאָך באַהעפּט; עס שטרעקט זיך, מיט זיינע בלוט־זאַפּטיקע בושהליפּן, דער וועלט דער גאַנצער מיט קרעפטיק־מענלעכער יונגנט־ליבע אַנטקעגן; ווייל אַף דעם איז עס אַף דער וועלט געקומען, דאָס זיסע זינדיקע לייב מיינס; דאָס איז דער שיקזאַל ד ע מ ס — צו ווערן געצונדן גע־זעטיקט דורך אַזויפיל יונגנט, דורך אַזויפיל פלאַמען, אַ, זיס סאַרפּען זאָל עס, אויפפלאַטערן, צישען, זינגען שיקער אין מיר, מיך וואַנזיניק מאַכן, מיך שלאַבעריק און שטאַרק מאַכן, מיך פריי לאָזן, אויסגעגאָסן, אויסגעפלייצט, אויסגענאָגט, אויסגעצאַפּלט מיט ספּאַזם־גליק ביז לעצט... עס

איז מיין שיקזאַל, די פֿרייהייט; און איך דין צו איר, מיט פֿרייד..." אַזוי האָט זי גערעדט — יענע פֿרייע קאָמוניסטישע מויד — פֿאַר מיר, נאָר דיר, פֿאַר אונז אַלע. נישט געלאָזן קיינעם — איר צוביגדן צו זיך, לעננער פֿון דער ווײַלע; אַלעמען געשלעפּט נאָך זיך אין שוים פֿון וואַנזין; אונז געלערנט; געצונדן נײַע בראַנדיקע שליאַכן פֿאַר אונזער צעשטורעמט געמיט: וואו — ערגעץ דאָרט, אין דער ווײַט — האָט געוואָרט אױף אונז די פֿרייהייט...

— ...ווײ, דר.; אַ צײַט איז דאָס געווען! און אַזוי אָנגענעם איז איצט דאָס דערמאָנען... איך — דער נעבעכדיקער לעקעש — בין, איבער נאַכט, אַזאַ שלויער געניטער אויסוואורף געוואָרן!... איך בין געווען שיין, (און איך האָב דאָס געוואוסט); אינטעליגענט, דרייסט, פֿרעך. מע האָט מיך גענומען האַלטן פֿאַר אַ נעפּערלעכן פֿרויען־יעגער, פֿאַר אַ וואָלף, פֿאַר אַ טכויר; און דאָס האָט געצווינגן צו מיר אומווידערשטײלעך. געצויגן און געשראָקן באַגלייך. איך בין געווען סקרופּולאָז, ווי אַ שפּאַרבער; זיך נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר גאָרנישט — פֿאַר קיינע צוימען, מאָראַלן, געוויסנס; אָ, זיך ניט אומגעקוקט דאַרויף: צי דער קרבן, וואָס צאַפּלט אין מײַנע אָרעמס, וואָס ווערט צעטומלט פֿאַר מיין בליק — איז רייף, אָדער — נאָך גאָר־יונג, קינדיש־כמעט. איך האָב פֿאַרפֿירט, אַרײַנגעצווינגן, און באַלד ברוטאַל אויסגענוצט; גאָרנישט געבליבן געריירט קיינמאָל פֿון טרערן, געבעטן. פֿאַרקערט: אָט דער מאָמענטאַנער ווידערשטאַנד איז מיר גאָר געווען ל י ב אַ מ אָ ל, צוגעשפּילט צו מיין קינסטלערישער פֿאַנטאַזיע און, דערפֿאַר — מיר געמאַכט זיסער, דערנאָך, דעם גענוס, דעם אײַנברוך..... ווי געזאָגט: אַ געניטער פּערווערזעניק, וואָס האָט געהאַט פֿאַר זיך גאָר איין ציל — דעם גענוס־פֿלאַטער, — האָב איך אויסגעפּאַרשט אַלע שוואַכע זײַטן פֿון דעם מיידלשן לייב: דאָרט, וואו עס איז אָנגרייפֿבאַרער, צוטריטלעכער, אָפֿענער — איר ווייסט דאָך דאָס, הער דר., אַליין, וואוהין איך ציל... אַהין האָב איך געצילט אַלע מײַנע פֿײַלן — נאַקעט־אומפֿאַרשעמט! און קיינמאָל נישט פֿאַרפֿעלט. אָ, באַלד צוגעזען, מיט בעסטיאַלישער לוסט: ווי זי, דאָס חיהלע, איז שוין נישט מער באַ זיך אין די הענט... אָ, זי האַסט מיך שוידערלעך!; אַז ווען זי קען — וואָלט זי מיך צעריסן אױף שטיקער! זי זאָגט עס מיר — מיט איר בליק, מיט איר מויל. זי שעלט מיך, זי זידלט מיך. זי באַליידיקט מיך גראָב — מיט אַלע ווערטער, וואָס קומען איר נאָר צו דער צונג!... נאָר, זי קאָן נישט מער; זי ברעכט זיך. זי שיינט שוין הכנעהדיק — פֿאַר אומגליקלעך גליק; פֿאַר עלנטער אומשולדיקער גליקלעכער פּײַן; זי בענטשט מיך שוין; זי קושט מיך; זי צאַפּלט שוואַך אין מײַנע אָרעמס; און זי ווײנט אונטערטעניק, פֿון גליק און פֿון געמישטער פֿרייד; אָ, זי לאָזט אויספֿירן איבער איר לייב מיין זיסן ווילן; פּײַן געבאָט פֿאַר איר; אָ, מיין גליק און פֿרייד פֿאַר איר... און שפּעטער,

שוין נאָך אַלעמען, — נעמט זי מיך באַשווערן בײַ דעם הייליקסטן פון איר לעבן — בײַ איר ערע, וועלכע איז שוין נישט מער אירע; אַ, וועלכע איז נאָך אָבער אַלץ  א י ר ע,  אירע מיט איר אומבאַרירטער אומשולד —:
„אַז  ד אָ ס  זאָל איך נישט טון, און יענץ זאָל איך נישט טון; אַז איינ־לעך האָבן פאַר איר געחלשט, איר געוואָלט; נאָר זי האָט זיך איינגעהיט — נאָר פאַר מיר אַליין; זי שווערט עס מיר ווידער צו... ניין, עס טוט איר נישט באַנג. זי איז גליקלעך מיט מיר, זי איז צופרידן, זי באַקלאָגט זיך נישט... אַ, זי קאָן מיך; זי ווייסט, ווער איך בין: אַז איך האָב צו טון מיט אַסאַך; מיט אירע חברטעס אפילו... ווײַל זי כאָטש האָבן די טרייסט, די נקמה: אַז איך טו צו זיי — די שטאָלצע פרומע מוידן — דאָס זעלבע, וואָס צו איר... נאָר, ווי באַלד אַז איך ענטפער ניט — דאַרף מען ניט... איצט, צולעצט, ווײַל זי כאָטש וויסן דאָס איינע אַליין: ווען איך וועל קו־מען צו איר נאָכאַמאָל — איר אָנצינדן מיט מיין ליבע?......" ניין. אָבער איך, דער מיוול, זאָג קיינמאָל גאָרנישט צו. איך קום,  ו ו ע ן  איך וויל; און טו,  וו אָ ס  איך וויל. איך האָב פיינט קאַפּריזן, ווידערשפעניקייט... אַ, מיר איז אַזוי זיס און ליב דיין הכנעה, מויד; זעען אַף דיר: ווי דו ברעכסט זיך פאַר מיר; דו גיסט זיך; דו טוסט אוים דעם שטאָלץ; אַ. דו ביזט שוין מיינע אינגאַנצן, מיינע...

— ...זאָגט: עס לאַנגווייליקט אייך נאָך נישט, הער דר.? אַ; מע זעט, אַז נישט... וועל איך ווייטער פאָרזעצן...

*

— ...איך וועל, ערשט, פאַר אייך פאָרברענגען געגויער די ליבע־גע־שיכטע מיט איינער; און איר וועט בעסער איינזעען — מיט וואָס פאַר אַן אויסוואורף איר האָט דאָ צו טון...

— ...איך האָב איר געליבט, יענץ טונקעלע מיידל־קינד. עס איז גע־ווען די ערשטע, הייליקע ליבע אין מיין לעבן. איך האָב מיך געפונען דאַן אַף דער וואַגשאַל. פון דעם, איז געוועזן אָפּהענגיק אַלץ. פון דעם, אפשר, האָט זיך עס אָנגעהויבן...

— ...אומעטום, וואו איך בין געגאַנגען און געשטאַנען, האָב איך איר געזען אומשוועבן פאַר מיין בליק... אַט, האָב איך מיך אריינגעכאַפּט, איינ־מאָל, אין אַ סאַד; בגנבה. געריסן פרעמדע פאַרבאָטענע פרוכט — עפּל, באַרן; געבליבן זיצן אַפן פאַרקאַן, געגעכן אין... געקלערט פון איר...... דאַן איז געגאַן, דר., די שענסטע עפּאָכע פון מיין ליבע... איך פלעג אַוועק, איי־נער אַליין, הינטער דער שטאָט; אומגעשוועבט, לייכט ווי אַ הינד, פאַר עקסטאַז, איבער די פעלדער, איבער די וועגן, און געזונגען מיין געזאַנג.

פון ליבע צו איר... דאָרט, אַף מיינע איינזאַמע שפּאַצירן, האָט מיין ליבע זיך צעבליט און אויסגעוואָקסן... זי, איז מיר אומעטום נאָכגעגאַן, מיט איר בילד און שמייכל. און איך האָב גערעדט צו איר, אַ שיכורער פון גליק.. אַזוי בין איך געגאַן־געבלאָנקעט, הינטער דער שטאָט, באַטאָג באַנאַכט. און, צוזאַמען מיט איר געשמאָלט, זענען מיר נאָכגעגאַן די הימלען, די שטערן; עס האָט דערוואַכט פלוצים, און עס איז געוואָרן פול מיט איר דער גאַנצער רוים; אַזוי־ווי געקוקט אַף מיר, מיט שמייכען; דערוואַרט פון מיר דעם באַגייטן סוד פון יצירה...

— ...אַן איבערגליקטער, אַן איבערגעשווימטער — פלעג איך דאַן קו־מען צולויפן צו איר היים. שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן די בענק־שאַפט מער. און דאָ, בין איך געבליבן שטיין פאַר איר בליק, מיט אַרונ־טערגעלאָזענע אויגן... די הייליקע שיין פון ליבע איז געווען אויסגעגאָסן איבער איר... דאָס איז געווען — אַ אַנפלעקונג; עס איז געווען — אַ זעונג, די שפע פון די הימלען; און איך האָב מיך נישט דערוועגט צו איר צו־קומען נאָענט... פונדערווייטנס, בין איך געבליבן, און געמורמלט, אין ער־פוכט: „— דו ביזט אַ רויז צווישן דערנער...״

— ...ביז, מיר האָבן גענומען צוזאַמען שפּאַצירן, הינטער דער שטאָט. איך האָב, לאַנג און באַגייסטערט, גערעדט צו איר. איך האָב איר פאַר־געטערט... מיך אַלץ נישט דערוועגט איר אָנרירן. הגם, עס האָט מיך אָנ־געהויבן געפערלעך רעגן...

— ...איינמאָל, זומער באַנאַכט. זענען מיר געווען אַליין אין פעלד. געבליבן שטיין, ערגעץ אַף אַ בריקל; געשוויגן. דאָרט, אַפן האָריזאָנט — אַ וודאי, אין אַ ווייט דאָרף — האָט העל געברענט אַ פויערישע שרפה. אונז אַנטקעגן — ממש, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען — איז געהאָנגען אַ גרויסע קופּערנע לבנה; געקוקט גלייך צו אונז; גערופן... כאָטש אַלץ אַרום איז אַלץ געבליבן אַזוי שטיל, פאַרטייעט דעם אָטעם, געוואַרט... און איך בין צוגעפאַלן, ווי אַ מדבר־דורשטיקער, צו אירע ליפּן, איר גע־קושט . . .

— ...דאָס איז געווען, דר., מיין בראָך. זאָגט: האָב איך דאָס געקאָנט אויסמיידן?... פון דעמאָלט אָן, האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון מיין פאַלן...

— ...זי, האָט גענומען באַקומען מורא פאַר מיר. ווי זי וואָלט דער־שפּירט: אַז די דערוואַכטע תאווה וועט אַלץ אויפפרעסן, פאַרצערן... זי האָט מיר דערציילט: אַז ווען זי דערזעט מיך אָנקומען פונווייטן, נעמט איר קלאַפּן דאָס האַרץ... און זי האָט זיך געבעטן בא מיר, מיט פלאַטער־ניש: — טאָמער בלאָנזשע איך, — טאָ, זאָל איך בעסער אוועקגיין — איידער עס ווערט צו־שפּעט...

— ...נאָר — איך, דר., בין שוין געווען פאַרענדערט, און מער נישט

קיין האָר איבער זיך. זי האָט אָפּטרייבן מיך שוין נישט געקאָנט. זי איז געווען צו־שוואַך — קעגן מיין אַנגריף; הגם, זי האָט געקעמפּט, געזוכט זיך צו ראַטעווען... זי האָט זיך שווער געראַנגלט און נישט געוואָלט ברעג־גען איר ליבע צו מיר — פאַר די ליפּן. ווי זי וואָלט זיך געשראָקן: אַז דאָס אַרויסרעדן איר סוד פאַר דער לופט וועט ווערן אַ אומגליק פאַר ביידן... נאָר איך, דער אויסוואורף, האָב איר נישט אָפּגעלאָזן; איך געצוואונגען מיט גוואַלד דערצו...

— ...איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ טייפלשער צעשטער־לוסט און, בלינד־צעיושעט, איר גענומען מיטשלעפּן מיט זיך... איך האָב איר פאַר־פירט, קעגן איר ווילן, אין טיפע אָפּגעלעגענע פון וועג לאָנקעס, ווייט הינ־טער דער שטאָט; און דאָרט — נישט געקוקט אַף אירע שרעקלעכע שבו־עות, איר געוויין און צאַפּל, — האָב איך איר אָפּגעדעקט — אירע קינ־דערשע בריסטלעך, איר געהיים בושה־לייב; געשטיקט אין מיינע בייזע פלאַמען אירע זיפצן, איר שרעק; און איר מטמא געווען; איר גערייצט געצונדן; געמאַכט געגיסן, אייננעם מיט מיר, דאָס פאַרברעכן — די שאַנד... דערנאָך, ווען מיר זענען געקומען צו זיך, — האָט זי זיך גע־קלאַמערט אָן מיינע הענט; באַ מיר געבעטן, ווי אַ קינד באַ אַ מערדער: „— מע דאַרף נישט!...” נאָר איך האָב איר דאָן אָפּגעשטויסן, מיט צאָרן — פאַר איר ווידערשפּעניקן מיין ווילן. אַליין איר געלאָזן — דער אומ־דאַנקבאַרער — און אַוועק...

— ...געוואָרט האָב איך: אַז זי אַליין זאָל קומען זיך־בעטן באַ מיר, מיך רופן; וועלן מיר דאַמאָלס זעען...

— ...ביז, איך האָב מיך דערוואָרט... ערשט, האָב איך מיך גענומען אומוואַלגערן מיט איר, דורך די זומער־נעכט, אַף די הינטערשטאָטישע פעלדער, אַף די [illegible]טשלעגן; און איר באַפוילן — איך הערט, דר.? —: זי זאָל אַליין איבערנעמען די האַנדלונג! זי זאָל זיך געבן, מיט פרייד און לוסט — ווי אַ פ[illegible]יי; אום דער געניוס זאָל זיין אַ פולער פאַר ביידן... און זי, די קליינע האָ[illegible] (אין תחילת — מיט מורא,) געפאָלגט... ביז, זי האָט דערוואַכט — אַ לעבעדיקע צאַפּלדיקע פרוי; אַזש עס איז געווען אַ נחת דאָס זיין מיט איר. זי האָט גענומען לאַכן, זיך־שפּילן מיט מיר, ראַנגלען און זיך נישט־געבן; מאַכן שווערער, אָבער, דערפאַר — אָנגענעמער, שי־כורער און זיסער — דאָס דעראָבערן און אַריינדרינגען אין איר לייב... אָ, זי איז מיר, ערשט דאַן, געוואָרן ליב, די קליינע. און איך האָב גענומען ציטערן איבער איר, אין וועמען איך האָב אַזויפיל כוחות אַריינגעלייגט — ווי פאַר אַן אוצר: זי זאָל מיר נאָר נישט פאַרלאָרן־גיין; נישט אַרויס־גליטשן זיך פון מיינע הענט; אָ, זי זאָל מיך נישט איבערלאָזן — זינ־גאַנצן אַליין...

— ...אָבער, עס איז שוין געווען — צו־שפּעט. אָ; זי האָט, ערשט —

גאַנץ־אומגעריכט — מיט אַן אמת, גענומען דערוואַכן; קומען צו זיך... נאָך איז זי נעגאַן מיט מיר; זיך־געלאָזן פּייניקן... אָבער — אַ פרעמדע איז זי שוין געווען, אַ קאַלטע, אַ ווייטע, וואָס האָט פון מיר מער ליידן ניט געוואָלט... אַזוי — האָט זי, איינמאָל, געזאָגט צו מיר, מיט שפּאָט: „— ווען דו ווייסט, ווי איך קוק אָף דיר..." מיר דערלאַנגט אַ בראַק אין צורה און איז אַוועק...

— ...נאָר — צי מיינט איר, דר.: אַז דאָס האָט געהאַט אָף מיר אַ שלעכטע ווירקונג, חלילה? — אָסור! ווייל אויך איך, דער באַשפּיגענער, האָב שוין דאַן געהאַלטן — צו־ווייט; און קיין וועג פאַר מיר אָף צוריק איז שוין נישט געווען מער...

*

— ...מיט דער צייט, האָב איך אפילו אויסגעפונען די לויגבאַרקייט — צו אַרבעטן מיט אַ סדר, מיט אַ פּלאַן; ד. ה. אַרויפנעמען אָף אַ רשימה יענע אַלע יאַטעכעס, וועמען איך האָב אַלץ געהאַט פאַרטראַכט צו מאַכן פאַר מיינע קרבנות, און נאָכהער נעמען האַנדלען אויפטרעטן מיט אַ טאַלק; עס מיינט: זיך ניט לאָזן צעשטרייען אין אַ זייט, פון צופעליקע לאַקאַמ־קעס; נאָר גיין דירעקט, מיט דער גאַנצער ענערגיע — צו איין ציל; נאָכהער, צו אַ צווייטן, א. א. וו... און אַזוי האָב איך טאַקע געטון; און, ווי די צוקונפט האָט באַוויזן, (אַ, איך בין געווען — ווי מע זעט — אַ מאַן, מיט אַ גרויסער פאַרשפּרעכנדער צוקונפט!): האָב איך טאַקע קיין טעות נישט געמאַכט... אַזוי אַרום — בין איך תמיד געווען באַשעפ־טיקט מיט עפּעס גרויסעס, נאָבעלעס און ערהאַבענעס. דערפאַר, האָט מען מיך גענומען באַגעגענען תמיד — אַן ערנסטן, פאַרטראַכט, אויסגעוואַק־סן... דאָך, האָב איך קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט — איך האָב געמאָגט זיין ווי באַשעפטיקט מיט אַ צענטראַלן ציל, — סתם אויסצופּרובירן מיינע כלים, ווען עס לאָזט זיך...

— ...אַזוי געדענק איך פאַלגנדן פאַל, נישט אָן קאָמיזם באַ דער זייט..... געגאַן איז דאַן נאָך אַלץ יענע בין־השמשות־צייט. איך — אַ באַדנלאָזער יונג, באַ אָרעמע עלטערן — האָב געטון, וואָס עס לאָזט זיך... איינמאָל איז אַראָפּגעפאָרן צו אונז אַ טרופּע אַרטיסטן, זיך געשטעלט שפּילן טעאַטער. האָט זיי צוגעפּעלט אַ סופליאָר, און זיי האָבן מיך אָנ־גענומען פאַר אַזעלכן. באַטאָג, פלעג איך צוברענגען מיט זיי — באַ רעַ־פּעטיציעס, באַם פאַרלייענען פּיעסן — הינטער דער סצענע... איז — וואָס איך האָב מיר, דאָרט, באַ זיי, אָנגעזען!... אמת: עס האָט מיך ניט באַדאַרפט איבעראַשן. אַ, עס איז שוין, בכלל, שווער געווען — אָף

יענער הויך פון מיין לעבן — מיך מיט עפּעס איבערצוראשן...... געווען איז דאָרט אַ הויפּט־ליובאָווניק — אַ הויכער קרענקלעכער ברונעט מיט אַ צעפּרעסענעם גאָרגל; אַ פּרימאַדאָנע אַ טענצערין — זיין פרוי — אויכעט אַ שטימלאָזע, אַ פישטשונדריק, אָבער זי האָט געהויבן פיסלעך; און אַרום זיי האָט פאַרקערט דאָס איבעריקע געמויזעכץ. נו, האָט דער ליובאָוויניק דער טיראַן געגעבן קאָרטן. ער איז אַרומגעגאַנגען, ווי אַ גאַנער, צווישן די אַרטיסטקעס און זיי געדושעט. אַלע מאָל — אין סאַמע מיט פון אַ רעפּעטיציע, פאַרן גאַנצן אַנסאַמבל אין די אויגן — זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אַ אַנדערער; איר אַרויסגעשלעפּט אין אַ זייטיק צימערל; געהודזשעט פון דאָרט, אַ מאָמענט, מיט פאַרשטיקטע ספּאַזמען, סאָפּערייען, אָכצן; נאָכהער באַלד, האָבן זיי ביידע צוריקגעקערט. ער אַליין — גלייך ווי גאָרנישט. נאָר זי, די באַצוואונגענע — אָפּגעגאָסענע ווי צונטער; און זי האָט זיך פרענעטיש נענומען שווערן אָן־אויפהער: „— ניין! איך בין נישט קיין הור!... ניין, איך בין......" איך, האָב דאָס אַלעס צוגעזען; און כמעט נישט אָנגעהויבן באַגרייפן: וואָס דאָ קומט פאָר. „וואָס אַזוינס האָט ער אין זיי דערזען, דער פערד? אַלע פרויען: אויף דער בינע — פאַרגריזירט, פאַרפּודערט, — זענען דאָ, הינטער די קוליסן, פאַרגעקומען — אַזוי אויסגעמאַטערט, צעקנייטשט!... א י ך, וואָלט מיך גאָר מיאוסן צו צורירן צו אַוועלכער איר ווילט פון זיי... איין אויסנאַם וואָלט איך אפשר בלויז געקאָנט מאַכן... און דאָ האָב איך אינזינען געהאַט זיין פרוי... (וועלכע איז געזעסן, די גאַנצע צייט, מיט פאַרביסענע ליפּן, און געשוויגן...) אָ, זי איז אויך דאָ נישט געווען מיאוס מיט איר יונג מאַטאָווע פּנים, וואָס האָט זיך אַזויווי געבעטן, אַז דו זאָלסט עס לאַשטשען אָן אַ ברעג... טאָ, פאַרוואָס־זשע טוט ער עס נישט, דער יאָלד, און ער יאָגט זיך נאָך מיסט?!..." אָט דאָס האָב איך ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין; און עס האָט מיר געקרענקט. איך האָב דאָס באַטראַכט פאַר אַ אומפאַרצייַלעכער עוולה קעגן יענער יונגער שיינער אַקטריסע און איך האָב באַשלאָסן — יענעם הונט אָנצולערנען!...... איינמאָל אין אַ אָוונט, ווען איך בין געווען פריי און אויך יענע פּרימאַדאָנע האָט צופעליק ניט געשפּילט, — זענען מיר ביידע געשטאַנען הינטער די קוליסן און, דורך די שפּאַרונעס פון די פאָפירענע וווענטלעך, געקוקט אויף דער סצענע: וואו איר מאַן — דער טונקעלער ליובאָוויניק — האָט ערשט געגלאַנצט אין דער ראָל פון מאָליערס קאַרגן... מיר — איך און זי — זענען געווען היימיש, ניט פון נעכטן... מיטאַמאָל, אין דער טונקל — האָב איך איר אַרומגענומען פאַר די אַקסלען, פאַר דעם האַלז, איר צוגעדריקט צו זיך, איר הייס פּנים צו מיינס... און זי האָט זיך געלאָזן; נאָר, ווי אַ פרעמדע. אפילו אין מיין זייט קיין קוק נישט געטון. אפילו קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט צו מיר. אָ, זי האָט ניט אָפּגעריסן איר טרויעריקן בליק — יענע נאָבעלע דאַמע —

פון דער סצענע און פון איר מאַן, ווען זי האָט אַזוי היים היילים און
טריי געליבט..... דאָרט, הינטער די קוליסן — ווי מע דאַרף זיך פאַר־
שטעלן — זענען מיר נישט געווען אַליין. נאָך פאַרשווינען, אין דער טונקל,
האָבן געקוקט, דורך אַלערליי שפּאַרונעס, אַף דער בינע. נאָר, מיר איז
דאָס אַלעס נישט אָנגעגאַנגען. אין מיין איידעלן עקסטאַז צו יענער דאַמע
— בין איך מיט איר, דאָרט, אַצינד, געווען — פולשטענדיק אַליין. ווײַ־
טער האָט פאַר מיר — אַזויווי גאָרנישט עקזיסטירט אין דער וועלט. דאָס
לעבן איז געוואָרן אָפּגעשטעלט, די וואָר... האַלטנדיק איר — אין יענער
הייליקער שעה — אין מיינע אָרעמס פעסט, — האָב איך באַוואונדערט
— אין טיפער פאַרערונג — איר דערהויבענע ליבע צו איר מאַן; און
פיערלעך געשוואוירן אין מיין האַרצן — בעת איך האָב געגלעט און גע־
צערטלט איר מילד באַטעמט פּנים: „נישט צו רוען — ביז וואַנען איך
וועל איר נישט האָבן געטרייסט אינגאַנצן, אַ אין איר פּיין!...” דערווײַלע,
האָט זיך פאַרענדיקט איין אַקט. עס איז געוואָרן ליכטיק איבעראַל. און
אונזער טונקעלע איידעלע שפּיל האָט זיך איבערגעריסן אין דער סאַמע
מיט... אָבער, האָפנטלעך, ניט אַף לאַנג... באַלד איז ווידער געווען פינצ־
טער; און אונזער ליבע־שפּיל האָט זיך באַנייט, מיט פרישן ברען און
פלאַטער... אָ, אין אונזער פרענעטישן עקסטאַטישן עקסטאַז — איז מיר
פאַרגעקומען — זענען מיר געשטיגן איבער בערג, גענידערט אין טאָלן,
אַריינגעדרונגען אין היילן, געלאָזט זיך קרייצן צעשטורעמטע ימים. וואונ־
דער האָבן געדאַרפט געשען; ממש, אומנאַטירלעכע געשעענישן... און
אַזוי — אַקט נאָך אַקט; ד אָ ר ט — טעאַטער, ד אָ — טעאַטער; אין
קורצע ליכט־הפסקות בלויז — וועלכע האָבן נאָר צעזאָדענער געמאַכט
אונזער דורשטיקן באַגער צו דער פינצטער...... געהאַלטן האָט דאָס שוין
בײַ דעם לעצטן אַקט: סײַ דאָרט, אַנטקעגן, אַף דער סצענע; סײַ דאָ, בײַ מיר
מיט דער דאַמע; מיט וועלכער מיר האָבן שוין געהאַט דורכגעקרייצט אַלע
ימים; און צוגעקומען ערשט צום סאַמע נהר די גור, צום סמבטיון... גע־
דענק איך נישט: וואָס פאַר אַן איבערשלאַג עס איז אונז אָנגעקומען איב־
דערמיט. נאָר, ווען איך האָב מיך אָנגעבויגן — אים צו באַזייטיקן, —
האָב איך, אַ וודאי אומגערן, אַ שטאַרקן בויג געטון דאָס ווענטל צו דער
סצענע; און אפשר האָט זיך נאָך עפּעס בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט אַ וואָרט
צו־הויך... דער מאַן אירער, דאָרט אַף דער בינע — געהאַלטן אין רעכטן
מיטן אַ מאָנאָלאָג, — איז געבליבן אַ ווספּאַלאָשעטער; אַ געשריי־געטון,
נישט מיט זיין קול: „— ו וּ אָ ס  א י ז  ד אָ ר ט ? ! . . . ” איז,
אפשר וואָלט נאָך דאָס געווען אָפּגעגאַן גלאַטיק: ווייל דאָס גוטע אינטע־
ליגענטע פּובליקום פון טעאַטער וואָלט דאָך עס געקאָנט לייכט אָננעמען
פאַר אַ טייל פון דער ראָל... נאָר, מיטאַמאָל, ווײַ, אומגעריכט — פונקט
ווי  א י ך  אַ ל יי ן  וואָלט מיר גענומען די מי צו געבן אַ ענטפער אַף

דער פּראַגע, — האָט זיך יענץ קוליסן־ווענטל ראַש אַ שלײַדער־געטון אַף דער סצענע — מיט מיר צוזאַמען; זיך אַראָפּגעלאָזט אַף יענעם אומגליק־לעכן מאָליער־אַקטיאָר; אים באַגראָבן אונטער זיך...

— ...אָ, דר. טײַערער! יענע איבערלעבעניש — אַזאַ צופעליסע, דאַכט זיך, — האָט מיך — דעם פּילגעפּראוווטן אין זנות און אין פּײַן — נישט געלאָזן פונדעסטוועגן פאַרצווייפלען אינגאַנצן. מיר בלויז געוואָרנט: זאָלסט קיינמאָל מיט דער פרוי ניט זײַן זיכער — ווי מיט פײַער, אַלציינס. ליב איר. נאָר האַלט איר, דער גנבטע, תמיד אַפן אויג...

*

— ...שלעכט איז נאָר געוואָרן: ווען איך, דער פּראָסטאַק דער פאָלקס־יונג, האָב — אין מײַן שווערן דאָרנדיקן גאַנג צו דער ליבע, אין מײַן קאַ־ריערע־פּלאַטער צו פּערפעקציע, — מיך אָנגעטראָפן אַף אַריסטאָקראַטיער שמאַטיע — איר ווייסט דאָך, וואָס דאָס איז... דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן — שטערונגען איבער שטרויכלונגען; איינע — קאָמפּליצירטער און הע־כער פון דער צווייטער; און מיר מײַן עלנט לעבן פאַרביטערט... אָבער, דר. לייבניץ: וואָס טוט ניט „איך — די קלאָאַקע" — פאַר זײַן אידעאַל?!

— ...אַזוי געדענקט זיך: איין פאַל, אַ צווייטער, אַ דריטער...

— ...עס איז פאָרפאָרן צו אונז — אויס אַ אַנדער שטאָט אין דער געגנט — אַ רײַך טעכטערל פון אַ משפּחה וואַלד־סוחרים. זי איז אָבער שיין געווען, ליב, באַטעמט — אַ ליכטיקע צעשמייכלטע שאַטענקע. זי האָט מיך ערגעץ געזען אין געזעלשאַפט, און זי האָט דאָס איבערגערעדט: „— אַז איך געפעל איר..." —: פאַר אירע באַקאַנטע מיידלעך; פאַר אינג־לעך גוט־סיטואירטע, „ערנסטע", וואָס האָבן איר גענומען נאָכגיין „מיט אַ ציל", און געקוקט, דאַרום, אַף מיר, „דעם שלעפּער", מיט פּאַרדרוס: „הלמאַי איך פּלאָנטער זיך פײַנע מענטשן צווישן די פיס..."; נאָר, צו גלייכער צײַט — מיט קנאה: „וואָס אַזוינס די נאַרישע פרויען געפינען דאָס אויס אין מיר..."... דאָס אַלץ האָט מען מיר באַלד צוגעטראָגן; און איך — דער פּלאַטער־קאָפּ — האָב שוין מער ניט באַדאַרפט! ניט גע־קלערט קיין סאַך, — בין איך אַראָפּגעקומען צו אירע פרײַנט, וואו זי איז אײַנגעשטאַנען — אויך, זייער רײַכע מענטשן. זיי האָבן געקוקט קרום אַף מיר מיט מײַן הולך — ווען איך בין אַהין אַרײַן, אָנגעגיבן מײַן נאָ־מען און געזאָגט, אַז איך בין אירער אַ באַקאַנטער... מע איז געגאַן ווענן מיר דאַלאָזשען — אַזאַ פּאַראַדע! — און, ענדלעך, צוריקגעקומען מיטן ענטפער: אַז איך בין גערן...... אין אַ רײַך־פאַרפּוצטן סאַלאָן האָט זי מיך אויפגענומען, די קליינע. זי איז געזעסן אַף אַ קאַנאַפּע, צווישן קישעלעך;

די פּים פּאַרוואָרפֿן אַהינטער; נעשמייכלט קלוג, אינטעליגענטיש און, אי־
בער אַלץ — שיין... געדענקסט: איך בין נישט געווען גאָר מיט איר באַ־
קאַנט אינגאַנצן... אָבער: מיר ביידע זענען געווען — יונג, און פֿול מיט
לוסט און שפּיל... ערשט איצט, האָב איך אַרויסגעזען: ווי איך געפֿעל
איר... אָבער זי האָט דאָס זעלבע, געוויס, געזען אַף מיר... איך בין לאַנג
דאָרט געשטאַנען פֿאַר איר. נישט געזוכט גאָר אָנצוגיבן קיין עקסטרע מאָ־
טיוו: זו אָ ס, אייננטלעך, עס האָט מיך, איצט באַזונדערס, געבראַכט
צו איר; נישט זי, ווידער, האָט אים געפֿרעגט באַ מיר; האָט אים גע־
ברויכט אינגאַנצן. ער איז דאָך געווען — דער מאָטיוו — אַזוי אויבנויף,
אָפֿן אויג... איך בין געשטאַנען, זיך געשפּיגלט אין איר שיינקייט, גע־
שמייכלט פֿאַרשעמט, אָבער אויפֿגעלעגט און געזוננען צו איר מיין ליד
פֿון ליב, מיט עקסטאַז, מיט פֿלאַטער, מיט שיכרות, מיט התלהבות. און
זי — דאָס זאַטע טעכטערל — האָט, אַף מיין בליק — געבליט ווי די
בלום, געשיינט, זיך צעשטראַלט. מע האָט געזען, ווי זי איז געווען גליק־
לעך. נאָר, זי האָט נאָך אַלץ ניט געגלויבט... געמוזט זיך, אַ וודאי, אָנהערן
ווענן מיר אַזויפֿיל שלעכטס... געוואָרן איז זי, אָבער — קענטיס — נאָך
פֿעסטער אין איר ערשטער מיינונג ווענן מיר: „אַז איך בין אַ אינגל אַ
אינטערעסאַנטער, וואָס קאָן שטאַרק אויסנעמען באַ פֿרויען...” ווי מע
זעט: אַ קלוגע מויד, אַ באַרעכנטע... פֿאַר מיין אַוועקגיין, האָב איך איר
אַפֿילו איבערגעלאָזט מיינס אַ בילדל; און זי האָט עס גערן באַ מיר גע־
נומען . . .

— ...לאַנג האָט זי נאָך, יענע שיינע פּרינצעסן, געוויילט באַ אונז.
איך האָב מיך געפֿילט פֿריקרע אין די אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען, און
מער צו איר אַהיים ניט געגאַנגען. איך האָב איר באַגעגנט, אין די אָוונטן,
אַף שפּאַצירן. עס האָט מיר געגומען נאָכגיין איר שיין צעשמייכלט פּנים
איבעראַל. און איך, אַז איך ליב — זינג איך שטאַרק, תאווהדיק, אין דע־
לירויום... אויך זי, אַ פּנים, האָט ניט אויפֿגעגעבן איר „גוטן, ערנסטן, באַ־
רעכנטן אינטערעס” אין מיר... זי האָט זיך נאָכגעפֿרעגט אַף מיינע פֿריינ־
טינס און געזוכט, אונטער אויסרעדן, זיי צו זעען: אַ וודאי, כדי אויס־
צוגעפֿינען: אויב זיי האַלטן אויס — קעגן איר, אין אַט דעם ליבע־פֿאַר־
מעסט... און — ווי עס זעט אויס — איז זי ניט געבליבן פֿונעם פֿאַר־
גלייך אומצופֿרידן... עס איז געווען קענטיק: אַז זי, די פֿאַרינטריגירטע
קליינע, האָט אויסגעקוקט אַף ווייטערדיקע ערנסטע שריט פֿון מיין זייט...
עפּעם האָט זיך שוין צופֿיל געהאַט פֿאַרצויגן איר זיין צו־גאַסט באַ אונז...

— ...נאָר איך — בין נישט געווען פֿאַרדערפֿאַר אינדערהיים... איך
בין ווייטער פֿון זיך נישט נעגאַנגען; איין טראָט נישט... ווען מע האָט
געהערט רעדן: אַז זי גרייט זיך שוין אונז צו פֿאַרלאָזן, — בין איך באַ־
גיים אַראָפּגעקומען צו איר בעטן איר בילד צום אָנדענק... נאָר, זי האָט

נישט געשמייכלט מער. איך, אַף איר קוקנדיק — אויך נישט. אַף איר טישל האָב איך מ יי ן בילד געזען שטיין איינגערעמט, באַפּוצט. ניין. זי האָט עס מיר נים צוריקגעגיבן. זי האָט מיר דערציילט, מיט אַן ערנסטן טאָן: „אַז נישט איין אינגל וואָלט זיך געפילט גליקלעך פון אַט דעם כבוד, וואָס זי טיילט מיר צו...״ זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט קאַטעגאָריש — מיר איר בילד צו גיבן... אַזוי, האָבן מיר זיך צעזעגנט...... איך האָב איר, אין אַ קורצער צייט אַרום, אָנגעשריבן אַ לאַנגן „אַבסטראַקטן״ ליבע־בריוו — אָן די מינדסטע קאָנקרעטע אָנשטענדיקע אָנדייטונגען. האָט זי אים געעפנט; געוויס, איבערגעלייענט; נישט געפונען דאָרט דאָס, וואָס זי האָט געזוכט; און, אַ צעריסענעם, מיר אים צוריקגעשיקט... מער האָב איך איר נישט באַלעסטיקט, יענער ענערגישער שיינער בחורטע. געמאַכט צו דעם אַ סוף. ווייל — ווי איר קאָנט מיך שוין היבש, דר — בין אי ך נישט געווען קיין ליידיקגייער; און איך האָב מיר נים געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס צו פּטרן מיין ווערטפולע צייט אַפן ווינט...

— ...אָבער, לפּחות פּאַר אַ לערע מיר דינען האָט דאָס באַדאַרפט? — דאָך, האָב איך מיר נאָך אַלץ נים געקאַיעט, בין געקראָכן ווייטער אין „אַריסטאָקראַטיע...״ און דאָ קומט דער צווייטער פאַל...

— ...זי איז געווען אַ הויכע שלאַנקע גראַציעזע שאַמענקע און, דערצו, אַ דיכטערין; געשריבן ערנסטע לידער וועגן ליבע און זיי, נאָך ערנסטער פאַר־חלומטער, פּאַר מיר פאָרגעלייענט... דאָס, אייגנטלעך, האָט אונז דערנענ־טערט. ווייל איך, דר., ב י ן אַ ש ר יי ב ע ר...; און איך האָב שוין, צו יענער צייט, גענומען קרענקען אַף פּאָעזיע... איך בין אריינגע־גאַן צו זיי אין שטוב; געווען באַקאָנט מ ט איר געליבטן, וואָס האָט גע־האַפט, אינגיכן, צו אָפיציאַליזירן זיינע געפילן. גערעדט האָבן מיר, די גאַנצע צייט, נאָר פון לויטערער דערהויבענער קונסט, פון וועלכער אויך איר געליבטער איז געווען אַ באַגייסטערטער אָנהענגער...... איינמאָל, אין אַ פראָסטיקן ווינטער באַטאָג. מיר זענען געווען אַליין אין איר צימער. זי האָט אָקאָרשט געהאַט פאַר מיר געלייענט אירס אַ נאַריש ליד, וועלכעס איך — דער רייפערער דיכטער — האָב אויסערגעוויינלעך געלויבט... נאָכהער — זענען מיר געשמאָנען באַם פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַן צו אַ גליטשיק־פאַרשנייעטער גאַס, און צוגעקוקט: ווי פאַרבייגייענדע מענטשן קערן זיך איבער, פאַלן — איינער נאָכן אַנדערן; ברעכן שיר נישט האַלז און נאַקן; דערביי — ווי מע קאָן זיך פאַרשטעלן — נעמען זיי אָן די קאָמיש־לעבעדלעכסטע פּאָזן... זי, די איידעלע טאָכטער, דאָס צוזעענדיק, — האָט געלאַכט פון יענע פאַלנדע מענטשן — מיטן פולן האַרצן, זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּהאַלטן... דאַן, האָב איך איר אָנגעכאַפּט באַם פרישן זאַפטיקן פּיסק און איר אָפּגעבריט מ ט מיינעם אַ קוש. אַז

זי איז געקומען צו זיך — פ ו ן א י ב ע ר ר א ש ו נ ג, פ ו ן ש ט ו י ג ע ן, — האָט זי מיר אראָפּגעלאָזט אַ קלינגענדיקן פּאַטש, (אַף וועלכן, נאַטירלעך, מע האָט זיך ריכטן באַדאַרפט;) און זי איז אַריינגעלאָפן אין אַ דערבייאיק צימער, פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר..... נו, האָב איך קיין ברירה נישט געהאַט און בין געבליבן וואַרטן. צום גליק, האָט דאָס וואַרטן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. זי איז באַלד אַפּער, נאָך אַלץ — אָן איבערגעראַשטע, אַ שטוינענדע; אָבער — שוין אַ שיינענדע, אַ צעבליטע, אַ גליקלעכע... „— ניין! זי הויבט נאָך אַלץ נישט אָן צו פאַרשטיין: — וויאַזוי האָב איך מיר דערוועגט?! איך ווייס: אַז זי האָט אַ פרייגט — איר התן במעט....." איך האָב יענעם לעקיש געקאָנט. אַ מיאוסע געלע צורה, ווי בא אַ כינעזער. ניין. ער האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן קעגן מיר די קריטיק, באין אופן. עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן קעגן דער קונסט — אַז אַזאַ פרעכטיקע מויד, ווי זי, זאָל זיך אים אָפּגעבן. און עס וואָלט געווען; אַ זינד אָן אומפאַרציילעכע, — אַז זי, מיט איר ליידנשאַפטלעך־צעפלאַמטן יונגן קינסטלערישן גוף, זאָל נישט זינדיקן!... איך האָב דאָס איר אַלץ גענוי אויפגעקלערט: „אַז זי, מיט איר לעבן, באַלאַנגט צו דער קונסט (און צום קינסטלער...) איך האָב איר פאַרשפּראָכן: — גרויס צו מאַכן; איר נישט פאַרלאָזן; זיין בא איר האַנט — שטענדיק; (אָט, שוין איצט, בין איך דאָך מיט איר מ ע ר ע ר, וויפל יענער — איר גאַנצער אָפּיציאַל!;) און איר העלפן אויסוואַקסן, אַנטוויקלען איר טאַלאַנט..." ווי מע זעט — לויטער קונסט איבער קונסט! ווייטער פון דעם האָב איך זיך גאָרנישט אַ ריר געטון..... נו, האָט זי מיך אויסגעהערט און געשוויגן. זי איז געבליבן פאַרטראַכט, די קליינע. געקוקט אַף מיר; געמאָסטן די דיעה... פרויען, כידוע, זענען דאָך — רעטזעלהאַפט, געהיימניספול, מיסטעריעז. גיי כרעף, וואָס זיי קלערן זיך... אָבער איך — דער יונגער שיינער גערטנער — האָב דאָך מיין זריעה שוין געהאַט פאַרוואָרפן אין איר באָדן; האָב איך געמאָנט, דאַרום, מיט אַ רואיק געמיט, אָפּגיין אין אַ זייט און וואַרטן...

— ...און אַזוי האָב איך געטון. געפעלט פון דאָרט. מער זיך ניט באַוויזן אין איר הויז... אַריבער אַ קורצע צייט, — טרעפט זי מיך אין גאַס: „— וואָס זעט מען מיך עפּעס ניט מער בא זיי? וו אָ ס — איך האָב מיך פאַרשוואוירן?" — איך, האָב דאָס ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. איצט, האָב א י ך געשטוינט: „— נו, און יענע באַליידיקונג?!" „— וועלכע באַליידיקונג?!" זי איז, ממש, געווען געפּלעפט. זי האָט נעקוקט אַף מיר, די קונסט — אַזוי צוגעלאָזן, אַזוי וואַרעם, אַזוויפיל צוזאָגנד, — אַז איך — דער רייפערער קינסטלער און, במילא, מיט מער אחריות — האָב איר שוין נישט געקאָנט אָפּזאָגן, דעם יונגן קינסטלערישן קינד; און איך האָב מיך געלאָזט פירן פון איר צוויבער אַף בלינד......

די קונסט, די קונסט, אָ, לעבן זאָל די קונסט! זי האָט גענומען שרייבן לי־
דער, איינס — נאַרישער פונעם צווייטן; און איך — זיי לויבן: איינס —
באַגייסטערטער פונעם צווייטן; איר קושן, האַלזן אָן אַ ברעג; איר גע־
ניסן, ווי און ווען איך האָב נאָר געקענט — לויט אַלע אויסגעפּרובירטע
כּללים פון מיין געניטער פּערווערזיע; און זי, די קליינע — דוכט זיך —
איז געגאַנגען בלינד אַף מיין ווענדקע; ווערן לייכט מיין פאַנג... געקומען
אַפן אָוונט, — בין איך שוין געווען באַ איר — אַפילע פריער פאַר איר
לעקסעשעוואַטן געליבטן: וועלכער פלעגט זיך אַריינשטעלן, דערנאָך — אַ
ברוגזער, אַ נערוועזער, שלעכט־אומגעלומפּערט־אַ פאַרביטערטער; גענומען
חוזקן פון דער קונסט: „— ווער דאַרף זי?!.”; נאָר צוזעענדיק, אַז קיינער
הערט אים ניט, — האָט ער דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיט דער טיר און ער איז
אַוועק... איז — ערשט דאַן — האָב  א י ך  אויפגעלעבט, אַ גליקלעכער
אין פרייד; גענומען רעכט צעפירן די הענט. מיר האָבן זיך געמאַכט באַ־
קוועם מיט איר, אַף איר קאַנאַפּע; זיך־איינגעטוליעט אייננאַנדער, ווייל עס
איז נאָך אַלץ געווען דאַמאָלס ווינטער אַף דער וועלט און פראָסטיק —
אום זיך קעגנזייטיק אָנצוואַרעמען מיטן איידעלן דעך פון דער יונגער
לייבלעכער מענטשן־קונסט; און זי — די איידעלע בלום די קינצלערן —
איז איינגעשלאָפן אין מיינע אָרעמס, ווי אַ קינד...

— ...ווי מע זעט: האָט זי — די שלויע בחורטע — געהאַט מיט מיר
אַסאַך גערולד; געשפּילט איר קונסט־ראָל — נעט אויסגעהאַלטן, פון אויבן
ביז אַראָפּ; אויסגעקוקט, געוואַרט... אַף וואָס? אַז איך — דער אויסגע־
שריגענער אויסוואורף — זאָל מ ך ערשט נעמען אַצינד באַניים אָפּיציעל
זיך איר דערקלערן אין ליבע? אָבער, צו וואָס — ווייבאַלד אַז באַ אונז
איז, אָן דעם, אַלעס צוגעגאַן פראָגרעסירט  אַ ז ו י,  ווי איך האָב מיר
געוואונטשן?...

— ...מע האָט אָבער צוגעזען: וויאַזוי  ז י  האָט זיך ניט פאַר־
געסן — ביז לעצט. אָ, ניין. זי איז זיך ניט געגאַן פאַרטרויען מיר, דעם
גאַסן־שאַלטיק — אַף הפקר־סתם. און זי האָט ניט אויפגעגעבן איינגאַנצן
איר פאַרבינדונג מיט יענעם, דעם ערשטן. אָנגעהאַלטן אַ דינעם פאָדעם;
אָבער — דאָך... „אמת:  א י ך  האָב אים געלייגט גענצלעך — אין
אירע אויגן; אים געבראָכן פולשטענדיק. נאָר — גיי־זשע, פאַרלאָז זיך
אַף מיר...  מ י ט  א י ם,  איז זי דאָך פאָרט געווען זיכער; אין  אַ ל ע
צייטן — וו אָ ס  עס זאָל זיך ניט מאַכן!...” נו, און איך — דאָס צו־
זעענדיק, — בין איך,  אַ  וו ד אַ י,  געבליבן צופרידן, און מיט מיין
געוויסן — שוין איינגאַנצן באַרואיקט: אום צו קענען אָנגיין, פון דאַן און
ווייטער, מיט מיינע דערהויבענע קונסט־פּלענער — שוין לגמרי אומגע־
שטערט...

— ...אָבער, דאָ פּלוצים, (אָ, פאַר מיר — גאַנץ אומגעריכט,) איז

געבליבן דערשעפט איך געדולד... א פנים: איך בין געהאט דערגאן צו דער מעטע, וואס זי האט געהאט אנגעצייכנט פונפאראויס: עד אותו מקום, און ווייטער — א האר ניט... איצט, האט נובר געווען אין איר מיטאמאל די שרעק: „עס זאל זיך נישט איבעררייסן, חלילה, איר העכסט־אנגעשפאנטער פאדעם מיט יענעם; אלץ האט געהאנגען אף ד ע ר האר...; און זי האט באשלאסן — באלד אפצוהאקן!..." נאר פאר מיר — ווי געזאגט — מיט מיינע אויסגעבעטע פלענער, — איז געקומען דאס אומגליק — גאנץ אומדערווארט... טא, גיי, אדרבה, זיי ניט קיין אנטווישטער — נאך דעם אלעמען — פון דער פארטעטרישער, פון דער אומפארלעסלעכער נאטור פון דער פרוי: וועלכע האט זיך תמיד אירע אייגענע געהיימע, א, טייפלשע געדאנקען אינזינען — וויאזוי אונזערס א ברודער, אן אומשולדיקן נעבעך, צו פארפירן...

— ...און עס איז געווען, איינמאל אפדערנאכט. איך בין געלעגן, דארט אף דער קאנאפע, צו אירע פיס; זיי געהאלטן ארומגענומען און, אליין מיט פארמאכטע אויגן, אין דער פינצטער, אין ראשיקן ספאזמאטישן עקסטאז — געשטיגן צום הימלשן גליק, — האט זי, מיטאמאל, זיך א ריס־געטון פון מיר — דער זיסער טייפלשער פאנג — א, פונקט דאמאלס, ווען זי איז שוין געווען מיינע! — געמאכט ליכטיק ארום; און — א שטאלצע, א קאלטע ווי אייז, א שטרענג־פרעמדע, א פארביסענע — בא מיר א פרעג געטון: „— וואס וויל איך פון איר? אט דאס א?..." און זי האט ביטער־ציניש צעקרומט איר שיינעם פיסק מיט א שמייכל: „— כא, רעדט מען — אפנהארציק־ערלעך, וו י א מ א ן; ווען מען עס נעמט דאס ווארעמע זינדיקע לייב פון א בתולה... אפשר, איז מען בארעכטיקט דערצו. דיר קומט, — וויבאלד דו באגערסט — ווילד־ספאזמאטיש, ווי א טהיר — זיך־אראפלאזן אף אלע פיר, אין שטומען זשיפעדיקן ברום — אין סאמע הארץ פון מיין געדיכטן פינצטערן וואלד; דארט מיך באפאלן אומבאטראכט; אין זיסן וואנזין, מיך פארצוקן — מיין בושה, מיין שיכור בלוט... דיר קומט, שיינער יונג — וויבאלד דו באגערסט ערלעך... דאס איז, אפשר, דער גורל פון מיין יונג זיס זינדיק לייב — דיך שיכור־גליקלעך צו מאכן, אין דיין אינגלשן עלנט... — כא! וועסט מיך דאך ניט אויפעסן — קיין לעבעדיקער! עפעס פון מיר וועט נאך, מסתמא, בלייבן אויך פאר יענעם אומגליקלעכן לעקיש, דעם נאר... אבער: צואוואס שלעפן אהער — קליין, נידערטרעכטיק, געמיין — די קונסט? זיך פארהאסן, זיך גיין פארמיאוסן אין די אויגן פון א פרוי?! — ענטפער, רעד — ווען א פרוי רעדט צו דיר! אהער קום — אויסוואורף, וואס דו ביזט! — ווען איך רוף דיך......" און זי האט זיך אנידערגעלייגט — דארט, פאר מיר, אין דעם ליכט פון איר צימער; נישט געוואלט מאכן טונקל מער; אליין, מיט די אייגענע הענט, אויפגעדעקט איר אויפגעפלאטערטן צע־

שטורעמטן בושה־וואַלד, מיך צוגעצויגן צו זיך, און אירע שיינע קאַרע אויגן נישט צוגעמאַכט. מיך געקושט אין די ליפּן, אין מיין פאַרברענטער וואַנזיניקער צורה... „אַזוי האָט זי מיך געוואָלט זעען און פאַרהאַלטן אויף אייביק אין איר האַרצן — אין איר גענוס־גליק — צום ערשטן און צום לעצטן מאָל, אין איר לעבן...״

— ...אָבער, אויף צו מאָרגנס, דר., — האָט זי שוין מער פון מיר — דעם אומפאַרלעסלעכן קונסט־און־סוואַרט און איצט: דעם פאַרצווייפלט־אין־איר־איינגעליבטן־פּלוצים משוגענעם יונג — נישט געוואָלט הערן אפילו. זי האָט גלייך צוריקגערופן דעם ערשטן און אים גענומען... זי האָט, א פּנים, געמוזט דערשפּירן, מיט איר אינסטינקט: וואוהין מיין וועג פירט — עס איז לייכט מיט מיר צו דערגיין...; און זי האָט זיך געראַטעוועט אין צייט — מיט איר איינגן מענטשלעך לעבן... פאַרפירט מיט מיר אַן אוואַנטורע, מיך פאַרינטריגירט, — נו, האָט זי זיך פיין — ווי א אַנשטענדיקע פרוי — צעצאָלט דערפאַר; און — אדיע!...

— ...אָט דאָס, דר., האָב איך — דער איוב־טיפּ פון דער ליבע — נעהאָט פון דער אַריסטאָקראַטיע... נאָר: צי האָב איך, כאָטש דאָס מאָל, געלערנט עטוואָס דערפון?

— ...אָבער, די דאָזיקע פראַגע, זעט איר, איז לגבי מיר — איך זאָג עס אליין — א זינלאָזע. ווייל נישט איך בין דער טיפּ, וואָס בין געקומען אויף דער וועלט צום לערנען. איך בין געבאָרן צום אומקום. דאָ האַלט איך. דאָ געפין איך מיך. און אַלע מיינע וועגן האָבן געמוזט פירן בלויז אַהערצו...

— ...עס האָט, דאַרום, נישט געדויערט קיין סאַך; (איך האָב מיך, ממש, אַליין געחידושט אויף מיין לייכטזין!;) און איך — א פאַרביטערטער, א אַנטוישטער אינגאַנצן אין דער וועלט און אין אירע פרויען, — האָב מיך גענומען יאָגן, פונדעסטוועגן, אויסצוזוכן א טרייסט צו אַלע מיינע ביז־איצטיקע טראַגעדיען — מיטן אָנקומען צו א נייער..... איך בין, אמת, געווען — מיד, צעדרייצט, דערשלאָגן. איך האָב שוין גענומען ווערן, אָפּטער — אומצופרידן מיט זיך אַליין; געבליבן פאַרטראַכט, פאַרטרויערט: „וואָס וועט עס זיין פון מיר דער סוף? ענדלעך — וואוהין קאָן דאָס דערפירן?!.״ און אַזוי, א פאַרטרויערטער, בין איך אריין שפּילן מיין פרישע אוואַנטורע! דאָס מאָל אָבער איז זי געווען — א העכסט־קאָמפּליצירטע; ווייל עס איז געגאַנגען אין איינציקע פרויען מיטאַמאָל...

*

— ...די ערשטע אַף דער דיי איז געווען מיינע אַ חברטע פון די קינדער־יאָרן — אַ שוואַרצע ציגיינערטע, ווי אַ זשוק... מיר האָבן זיך צוזאַמען געשפּילט אין זאַמד... שפּעטער, אין מלחמה־צייט, איז זי געוואָרן — הפקר, ווי אַלע; און אפשר — מער נאָך פון אַ אַנדערער; זיך אָפּגעלאָזט אינגאַנצן אַף זנותס־בּאַראַט און געמאַכט פאַר אירע עלטערן אַ גרייזלעך שמוציק פאַרמעגן... זי האָט דאָן געפלעגט זיין מיט אַסאַך; מיט אַלע מיינע חברים, באַקאַנטע; געגאַנגען אפילו מיט אייניקע פון זיי פאַראַמאָל — אין איר צימער, אין דער פינצטער... זי איז געווען — ווי מע זעט — זייער אַ ביליק ווען; און פאַר אַ נאַש, האָט זי זיך געלאָזן איבערגעבן אויך צו מיר... אָ, עס איז נישט געווען מיט איר קיינמאָל — קיין עקסטאַז, קיין שיכרות; נאָר פּראָסטע נידעריקע לוסט פון גראָבן אויפגעהעצטן פלייש...

— ...אַריבער די מלחמה; איז זי געווען געפערלעך באַרעדט. די נייע אויפגעקומענע „מאַראַל" האָט איר גערודפט פון אַלע זייטן. דאָך — צו גלייכער צייט, אַדאַנק דעם רייכטום, — איז דאָך דאָס הויז אירס געוואָרן צוגערעכנט — וויל עס יאַ, צי ניין — צו דער נייער אַריסטאָקראַטיע; עס הייסט, במילא — צו דעם זעלביקן שיכט טאָן־געבער פון דער נייער מאָראַל! דערפאַר — איז איר געלונגען, אַף כוח, צו פּאַסן אַ יונגעמאַן אַ אַלמן — וואָס האָט זיך געקוואַפּעט אַפן געלט — און אים נעמען...

— ...פריער, פאַר דער הייראַט, אין איר עלנט — האָט זיך שוין קיינער פון אירע געוועזענע באַקאַנטע אפילו רעכט נישט אומגעקוקט אַף איר, פון וועמען עס האָט שוין געעקלט, געאיבלט... אַצינד אָבער, מיטאַמאָל, אַז זי איז געוואָרן דערהויבן צו פאַרלייגן, (טאַקע אין דער רייזיקער דירה פון אירע עלטערן,) אַ אייגן „אַריסטאָקראַטיש" הויז, — איז זי פלוצטהאַלבן ווידער געוואָרן אַלעמען געשמאַק. מע האָט גענומען סורמען, איר רופן..... איז, אין תחילת — האָט זי זיך שוואַך געווערט. דערקלערט: „אַז, זינט איר הייראַט, איז זי דערצידירט — צו זיין אַ „נייע!..." עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט — און אירע פריינט האָבן איר איינגעבימן. און ווידער איז אַלץ געווען, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן פון אַמאָל; אָ, פון איר יונגט..... דער מאַן — דער גענומענער פאַר געלט — האָט דאָס אַלעס צוגעזען, און זיך ניט דערוועגט אפילו אָפּצורופן מיט אַ וואָרט אַנטקעגן. ער האָט אויסגעקוקט — שיר אַליין נישט, ווי אַ איינגעבעטענער. ער איז געווען איינער — קעגן אַזויפיל; און ער האָט זיך אונטערגעגעבן... דערצו — האָט ער זיך געמוזט האָבן, מסתמא, אַנדערע אויסרעכענונגען: געוואָרט, אפשר, אַף אונזער מיד־ווערן און, ענדלעך, אָפּשטיין... „מיר, יונגע, וועמען עס ציט צום פליען, — זענען דאָך באַך — פרייע פייגל; סאָנען, אַליאַדע טאָג, אויפהויבן די פליגל און זיך

צעלויפן, נישט בלייבן! דאקעגן, ער — א געבונדענער — וואוהין וועט ער גיין?... אים בלייבט נישט עפעס אנדערש: ווי צו ווארטן. דעם שטו־רעם איבערצוואווארטן..." און אזוי האט ער געטון. געווארן טויב און בלינד. געוועזן מיט אלעמען — לעצטער גוטער ברודער. נישט געשטערט קיינעם אין גארנישט. און אט די טאלעראנץ, נאטירלעך, האבן חברה הפקר־יאטן גענוצן אויסנוצן ווי געהעריק; נישט פארשלאפן די צייט...

— ...איז, צווישן אט דער ביליקער באנדע האב איך מיך אויך, איצט, געגומען אינדערמיט; אינזינען געהאט מיינס... איך איר אויס־געטשאטעוועט, דער הארנטע — אין יעדער פרייער מינוט, וואס איך האב נאר געפאקט: אין א רעגן־טאג, צי אין א גרויסער היץ — ווען מע האט געמאגט אויסרעכענען, אז קיינער וועט צו איר ניט קומען איצט. — בין איך דווקא אראפגעקומען; איר געטראפן אליין; (דער מאן איז געווען אין ערגעץ, בא דער ארבעט;) אף שנעל, איינגעבראכן אלע פאלשע ארויפ־געצויגענע צוימען; איך געגומען, ווי אמאל, אלס הפקר־מויד, (דאס, וואס זי איז געווען און, אייגנטלעך, אף תמיד, פארבליבן;) און אזוי גראב און ביליק, אן רעספעקט, אומבאהאלטן און נאקעט, ווי זי אליין האט זיך געגעבן, — האב איך איר גענאסן, מגושם־פראסט זיך־געשטילט, זיך־גע־זעטיקט. עס איז נישט געווען קיין שום אינטימע פארבינדונג, אפילו בשעת דער אינטימסטער פארבינדונג אליין. עס איז געווען — ווולגארע צע־הפקרטע לוסט פון נידעריקן פלייש, נישט מער... און דאס מערקווירדיק־סטע איז געווען: וואס זי אליין, וועלכע האט דאס אלעס צוגעזען — האט אפילו קיין אנדערע פרעטענזיעס ניט געהאט; נישט קיין השגות אנדערע. זי איז געווען די געבוירענע גאסן־זונה און פארבליבן אזוי — אומבארירט...

— ...זי האט הנאה־געהאט אליין פון זנות; און ליב געהאט עס צו זען בא אנדערע ארום איר... ...דא — אין דער זעלבער גרויסער שטוב — איז געוואקסן אירם א שוועסטערל, א מלחמה־קינד, פון א יאר דרייצן־פערצן: א בלאנדע ליכטיקע שיינהייט און א גרויסע ליבע שטיפערקע; צו וועמען מיר, די הפקר־יונגען, זענען שוין געקראכן און איר געגרייצט — גאר אומצווויידייטיק; און זי, דאס צעטומלטע קינד, האט נישט גע־וואוסט, אין איר פארלעגנהייט — וואס פריער צו טאן: לאכן, צי וויינען... נו, האט יענע — די עלטערע שוועסטער — איר געלערנט: „זיך ניט קעגנ־צושטעלן; זיך אונטערגעבן דעם ווילן פונעם לייב — וועט זי הנאה־האבן פון איר לעבן..."

— ...ערשט — נאך זיי ביידן — זענען געקומען די דינסט־מוידן פונעם הויז... א, מיט זיי, די לעצטע, איז שוין גארנישט געווען קיין איינזעען. פאר א שמאכטע, פאר א נאש — האבן זיי געמוזט בלייבן גע־הארכזאם, ווי די צויג, אנגישט — איז [illegible]!..... נו, האבן זיך

טאַקע אָפּט, דאָרט, אין יענעם הויז, די דינסטן געטוישט — צו דער פרייד פון אונדז אַלעמען...

— ...אָט, געדענקט זיך אײנע — אַ שלאַנקע בלאָ־אויגיקע בלאָנ־דינקע — וועלכע האָט ערגעץ געהאַט אַ חתן. זי האָט תמיד געקוקט אויף מיר אַזוי בייז: ווען איך האָב איר צוגעדריקט צו זיך — דאָרט, אין דער טונקעלער קיך פון הויז, און אין אַ מאָמענט, ווען איך האָב איר געפּאַקט אַליין — גאָר אָן שום מחזקות; געבראָכן איר ווילן — אַזוי־ווי דאָס וואָלט נישט געוואָרן געטון צו אַ מענטשן, נאָר צו אַ שטומען באַפרידיקונגס־אָביעקט בלויז; און אַזוי, שטייענדיק אַריינגעטוליעט אין איר, — איך לאַנג און הייס געקושט — דער ברוגזער, דער פאַרביסענער, דער זיסער פרעמדער — אין אירע פאַרפּרעסטע ליפּן, אין אירע רויט־צעגליטע באַקן; אָ, אין איר וואָרעמען קינדישן האַלז... די מויד איז געבליבן — אַ צע־טומלטע, און נישט אָנגעהויבן צו וויסן: „— וואָס דאָ קומט פאָר? ווי דערוועג איך מיך — דער פרעמדער — אַזוינס מיט איר צו טון, וואָס זי דערלויבט עס ניט אפילו איר אייגענעם חתן?!. ערשט — פאַרוואָס לאָזט זי זיך?!.” עס האָט געמוזט זיין די בלינדע הכנעה פונעם פּשוטן פאָלקס־מיידל פון דער מאַסע — צו העכערס פון זיך, צום האַר; און זי האָט זיך ניט דערלויבט אַנטקעגנצושטעלן... „— וואָס ווילט איר פון מיר?...” — האָט זי זיך בלויז געבעטן שוואַך, אין מיינע אָרעמס — אַז איך זאָל איר פריילאָזן; נאָר זעענדיק, ווי עס העלפט ניט, — האָט זי מיר צוגעגעבן, ווי אַ וואָרענונג: „— געדענקט: איר וועט אַמאָל אָנטרעפן אײנער — וואָס וועט זיך מיט אייך צערעכענען פאַר מיר אויך...” און שוין; מער האָט זי זיך נישט געווערט — די זיסע ברוגזע; בלויז אויסגעוואַרט, מיט פרויען־געדולד: איך זאָל מיך אָנזעטיקן און, ענדלעך, אַוועק...

— ...נאָך הכנעהדיקער און זיסער איז געווען אַ צווייט דינסט־מיידל, אַ דיקלעכע שאַטענקע. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט ביידע — דורך די בליקן. איך האָב צוגעזען: ווי זי האַלט נישט אויס מיין קוקן לאַנג און איינ־געשפּאַרט אויף איר; זי בלייבט פאַרשעמט און פאַרוויטלט...; האָט דאָס מיך געפרייט; געדאַרפט עדות־זאָגן דאַרויף: אַז זי איז אַ וואַרעמע, אָן אומ־ווידערשטיילעכע און — אַ דאַנקבאַרע, אָן פּרעטענזיעס... אָ, זי האָט מיך אויסגעקוקט; זי האָט געוואַרט... געדאַרפט קומען איצט האָט בלויז דער פּאַסיקער מאָמענט: אַז מיר זאָלן זיך קענען ליבן אומגעשטערט, און קענענזייטיק געניסן..... אויסגעוואַרט האָב איך אויף אָן אָוונט: ווען די האַרן זיינען אַוועק אין טעאַטער; און זי, די דינסט, איז געבליבן ליגן אויפן בעט מיטן קליינעם קינד, עס אַנטשלעפּט... נו, האָב איך איר שוין נישט גע־לאָזט זיך־אויפהויבן פון דאָרט — פון דעם אָנגוואַרעמטן געלעגער, פון דער טונקל. מיט אַ ליבע־מורס, האָב איך מיך איינגעגראָבן אין איר קאָ־כעדיק לייב — וועלכעס האָט מיך אויסגעקוקט, ווילד־הפקרמאַטיש מיר

געצאפלט אנטקעגן, אונטערגעטאנצט פאר יובל. איך האב איר, דער זימער מויד, נישט געלאזן ארויסברענגען קיין איין זילב אפילו פון איר ווארעם מויל. מיט מיין שפארבער־פיסק. פארשטיקט איר עקסטאטיש זשיפען, איר צוגעשטילט, איר אינגאנצן באדעקט...... שפעטער, ווען מיר זענען געקומען צו זיך און זיך־אויפגעזעצט, — איז זי נאך לאנג געווען שיכור־גליקלעך אפגעשוואכט פונעם דורכגעלעבטן. זי האט געשמייכלט פארשעמט; געהאלטן מיינע הענט און זיי צערטלעך געגלעט מיט אירע שארפקע פינגער פון א ארבעטער־מויד... איצט, האב איך — דער אנגעזעטיקטער אויסוואורף — מיך געזוכט פון איר אפצוטיילן. צוואוואס האב איך איר מער באדארפט?... זי האט זיך נאר געבעטן בא מיר, איך זאל איר זאגן: — צי איך לאך נישט פון איר?...... און אף דער טיר, (אוועקגייענדיק,) האב איך אנגעטראפן א גרופע אירע פארערער, בחורים פון איר גראד: וועלכע זענען געווען געוואוינט — אין דער א שעה, אף דער נאכט — איר קומען אפווארטן... זיי האבן געקוקט אף מיר — מיט אפענער שנאה. מיך שווער דורכגעלאזט...

— ...איר הערט, דר.? עס האט מיר עפעס, מיטיינמאל, גענומען ווערן איבערדריסיק דאס אלץ — די הפקרות, דער איבל, די פרויען, דער שמוץ, דער פלאטער, די צעטומלעניש, די רויטע קארוזעל, הימל און ערד און ווארעם ראזעווע פרויען־לייב, שגעון און פארברעכן, געזאנג און געזינגס, ווייבער זומפיקער דנא פונעם תהום... איך האב מיך דערפילט פלוצים — אזוי אויסגעלייידיקט, דערשלאגן, מיט אן עקל־שפירונג צו אלץ און צו זיך, דערוואכט צו אזא שוידערלעכער וואר, — אז איך בין געבליבן — אפשר, דאס ערשטע מאל, אין מיין נבזהדיק לעבן — מיט אן אמת, ערנסט־פארקלערט איבער זיך. זיך־אנגעקוקט, אזויווי א פרעמדן, מיר געשטעלט די פראגע: „— וואס וועט עס פארט זיין פון מיר?!.” „— דא — נישט!” — האט זיך ערגעץ אין מיר א קול אנגערופן, אזויווי א ענטפער; שטיל, גאר קלאר... „— טא, אפשר — ערגעץ אנדערש? אוועק, אנהויבן פונדאסניי?!......” — אויסוואנדערן! אט, אין וואס עס איז באשטאנען מיין רעטונג. איבערדרייסן מיט אלץ; און — ווי א נייי־געבוירענער, אין א ניי לאנד — צו א לעבן א נייעם זיך נעמען!..

— ...און איך — ווי איינער, וואס טרינקט זיך — האב מיך אנגעכאפט פארדערפאר, מיט די לעצטע כוחות; א, א דערפרייטער, א צוריקגעפונענער, ווי א פריש־דערוואכטער צום לעבן, צו דער פרייד, צום גלויבן; און — מיט מילדער גוטער האפענונג, און מיט טרערן פון געבעט און צאפלדיקער דערווארטונג — מיך אויפגעהויבן, געלאזן פארן...... וואס איז דאס געווען — אויפריכטיקע חרטה? א ווילן, באמת, א טיפער — זיך צו באפרייען?... גאר: צי איז דאס מעגלעך געווען — נאך אט דעם

אלעם אפגעטועגעם? צי איז נאך געווען דען א וועג צו רעטונג? אט אזוי א געמט מען עס, מע מעקט אויס, מיט איין שטריך, יענעם גאנצן ברוטאלן קאשמאר, דער צעהפקרטן טייוולאנישן כאאטיזם, וועלכער האט צעפרעסן צעפוילט מיין ליוב, מיין בלוט מיט מיין גייסט — נעמט מען אט דאס אלץ און מע פארגעסט; און מע פארט זיך אריבער — יונג, א לייכט פאר־סאזשירל, אזוי רואיק און שטיל, גליקלעך און מילד ווי א קינד — אנצור־הויבן א נייע אומשולדיק לעבן אף דער פריי?!.

— ...אבער, איך האב נישט געוואוסט פון דעם אלעמען און, מיט דער אילוזיע, מיך געלאזן נארן..... אט גערענקט זיך — דער לעצטער אפדערגאכט; בסך־הכול, געציילטע שאען פאר דעם אפפאר מיטן צוג. איך בין אומגעגאן זיך־געזעגענען; אנגעקלאפט בא א באקאנטער... איז זי אראפ — אין איין העמד — מיר עפענען. געבליבן שטיין; מיך גע־האלטן פאר די הענט; גערדאזשעט פון דער פרישער נאכט־לופט, פון אויפרעגונג... נאר איך האב איר גובר־געווען אין זיך; איר אנשטענדיק געקושט די הענט, בין אוועק..... צו דער באן, ווידער — אין אזא שפע־טער נאכט־שעה — זענען מיך ארויסגעקומען פאראפשירן: זעקס מיידן, ווי די בערן; אלע — פארצווייפלטע אפגעלאזענע אפן אויסזעען. מסתמא, האבן זיי געהאט א גרונד דערצו. קיינע קוקט נישט אין דער אנדערערס זייט. יעדע רופט מיך אפ באזונדער; שטארקט זיך אראפשלינגען דעם קנויל אין האלז; פארקוקט מיר אין די בליקן; שעפטשעט פארביטערט, פארצוואגן: „— וואס זאל זי טון? ווארטן? ווי לאנג?!.” נאר איך: זאג צו יעדערער פון זיי; היים ווארטן... „— איך וועל שרייבן!...” איך וועל דאך ניט גיין דערלאזן קיין ווילדע סצענעס בא דער באן. נ א ר ד א ס האט געפעלט!... א, איך בין נעט. איך בין פיין. איך בין רואיק... „ענדלעך — פאר איך אפ; דיים איך מיך ארויס פון דער פרויען־טיראניע. איך בין פריי!...” איך זע צו, מיט פרייד: ווי אלעם רוקט זיך אוועק פון מיר; עס טיילט זיך אפ — פון מיין בליק, פון מיין געמיט; עס ווערט קליין, מטושטש, נישטיק; ביזקל וואנען עס פארשווינדט... א, איך בין פריי!... אלדאס מאנסטעריעזע משונהדיק־גרויסע פון פריער — בלייבט זיך אין מיין בלוט; שרומפט איין אין מיין דמיון; אזוי קליין ווערט עס, מינערוויכטיק, אומבאדייטנד, שוואך, אפגעוועלקט, אויסגעדעמפט; די לעצטע רעשטן קומען אוועק; בלייבן אויסגעגלעט, בלייבן שלאבעריס, אין זייער דרוס אף מיר; לאזן נאך פון דער צוואנג; בלייבן ערגעץ הינטער־שטעליק — הינטער מיר, אין שאטן, אין דער טונקל... — בעת איך א ל יין גיי — אלץ שטארקער, אלץ פרייער, איינגער — פארויס! אזש איך צעזינג מיך שטארק, יונג און לוסטיק; אן איבערגעשוימטער מיט גליק; און העך שוין ניט אויף... א! איך פאר צו א נייער וועלט, צו א נייע פריי לעבן. איך פאר — ווידער ווערן יונג, ריין און שטארק!...

* * *

— ...ביז וואַנען איך בין אָנגעקומען, דר — אַהער, קיין אַרגענטינע, צו אייך..... איך האָב מיך גלייך אַריינגעוואָרפן אינעם קאַמף פאַרן לעבן. ניין! איך האָב גאָרנישט געוואָלט וויסן פון דעם, וואָס געווען. אַלעס, די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט מיינע, האָט מיך געגרויִלט און געשווינדלט פון עקל. איך האָב באַקומען בריוו פון די יעניקע, ווען איך האָב געהאַט געהייסן וואַרטן... דאָס זענען געווען — בלוטיקע שבועות, דראָונגען, גע־יאָמער... איך האָב נישט געענטפערט. — קיינע פרויען מער אין מיין לעבן! איך בין פריי. יאָ. מיר האָט אָפּגעגליקט. איך האָב מיך אַרויס־געריסן. איצט, בין איך האַר איבער זיך. איך בין האַרט; אומדערבאַרעמ־דיק, ווי שטאָל. מיין לעבן; מיין גליק. אָ, לאָזט מיך צורו!...

— ...צוליב וואָס — אַזאַ אכזריות! אַזאַ אוממענטשלעכקייט? — צוליב דער שרעק, דר... טיף ערגעץ אין זיך — בין איך נישט געבליבן זי־כער איינגאַנצן... איך האָב עפּעס פּלוצים גענומען שפּירן אַ בענקשאַפט צוריק אַהיים און, צו גלייכער צייט, מיך געשראָקן פאַר דעם..... אָ, איך האָב גענומען ווערן צעטומלט... איך האָב מיך, ווירקלעך, געוואָלט באַ־פרייען, ווערן אַ נייער מענטש. דר.! איך האָב געוואָלט דערגרייכן דאָס אוממעגלעכע. איך האָב געפּלאַנט צו אַנטלויפן פאַר דער גערעכטער שטראָף, פאַר מיינע זינד, פאַר מיין מאָרד און פאַרברעכן קעגן זיך אַליין. איך האָב געהאָפט: איך וועל אַוועק איבער ימים — וועט זי מיך, די שטראָף, ניט אָניאָגן. וועל איך ניצל ווערן, וועל איך ווערן פריי... איך: וועלכער האָב שוין געאָנט פון דעם טיפן ריס אין מיין לעבן: פון דעם צעשטערטן גלייכגעוויכט צווישן רואיקן איך־געדאַנק און אימער־צעיו־שעטן איך־אימפּולס, —; איך: וועלכער האָט שוין געוואוסט; אַז איך האָב מיר צופיל דערלויבט — אַז איך האָב, אַליין בידים, צעעפנט די דאַמבע אין מיין זעל פאַר דער שמוציקער אימפּולס־קלאָאַקע, אַז זי זאָל אַריבערפליִיצן איר איינגעשטעלטע גרעניץ פון דער נאַטור און פאַר־טונקלען די שיין פון מיין טאָג, דאָס ליכט פון מיין געדאַנק, — האָב מיך געזוכט צו נאַרן מיט דער האָפענונג: אַז מע קאָן אַנטלויפן פאַרן טייוול, וועלכער יאָגט נאָך מיטן געחתמהטן קאָנטראַקט מיט מיין בלוט; שטרעקט אים מיר אַנטקעגן — אַף זיין רויט־אויסגעשטרעקטער לצישער צונג, און ער מאָנט חשבון... איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און בין בלינד אַנטלאָפן. מיך איינגערעדט: אַז איך האָב גענאַרט דעם טייוול; אים געלאָזן אַליין — אַ אויסגעשפּעטן, דעם ליץ — דאָרט, אין דער ווייטער פאַרלאָזענער היים..... שלעכט איז מיר אָבער באַלד געוואָרן דאָ — אין דער פרעמד, אין דעם עלנט. איך, איינער אַליין און נאַקעט — אַף דער גאַס; אָן קיי־נעם, אָן פאַמיליע; אַזוי ווי אויסער יעטוועדער סאָציאַלער צוים; אַזויווי אַף הפקר; אַזויווי אַפן מיסט, צוטריטלעך פאַר יעדער קלעפּיקער קרענק... ...נאָך האָב איך מיך געראַנגלט פאַרצווייפלט, ניט געוואָלט וויסן פון

גאַרנישט... און עס איז געווען: אַז איך האָב דערהערט, צום ערשטן מאָל,
זיין רוף, דעם טייוולס, פון מיין גוף אַפּער, פון דער טיף — צו מיר
אַרויפצו, צו מיין געדאַנק, זיין פרעכן הינטישן צודרינגלעכן רוף: —
ברויען!..., — בין איך געבליבן אַ פאַרצאַפּלטער, אַ צוגעטייעטער פאַר
שרעק! ער איז דאָ, דער מנוול — וואָס דען?... ער איז מיטגעפאָרן; גע־
בליבן פאַרחלשט, אַ וודאי, אַ מאָמענט, פון צעטומלעניש — וואָס איך
האָב אים אויסגעריסן פון זיין מיליע, פון זיין היים... נאָר, ענדלעך, האָט
ער דערוואַכט; אויסגעריבן די פאַרשטאַרט־געוועזענע בליקן; זיך־אַרומ־
געקוקט: וואו ער געפינט זיך דאָ אין דער וועלט — וואוהין איך האָב דאָס
אים פאַרשלעפּט, — און ער האָט גאָר אויפגעלעבט, פאַר נחת, פאַר ראַ־
שיקער באַגייסטערונג... אָ, עס איז אים דאָך גאָר דאָ וואויל — אַ אַנ־
טיק! טמאַליעדיקע לופט, אונטער סאַרפּעדיקע צעגליטע הימלען, אין העל־
בלענדיקע טעג, אין פּעך־שוואַרצע נעכט — דאָס אַלץ, שפּירט ער: צע־
וועקט אין אים פרישע כוחות; מאַכט אים יונג און קרעפטיק, ווי סיינ־
מאָל; רעגט אין אים אָן אוראַלטע אַטאַוויסטישע אויסגעלאָשענע וואול־
קאַנען, ברוטאַלע פלאַמען, לוסט־מאָרד; אָ, פריידיקן דראַנג צו פייניקן
ווילד, צערייצט און אָן אַ גרעניץ..... דר.! מיר זענען דאָך עפּעס — איך
מיטן מעפיסטאָ — אַראָפּגעקומען אין דעם קלאַסישן לאַנד באַענעזאַי־
רעס!... וואָס־זשע האָט איר געוואָלט: אַז פאַר אים, פאַרן טייוול. זאָל
עפּעס אַנדערש עקזיסטירן דאָ, אַ חוץ דאָס זייניקע?...

— ...און ער האָט מיך שוין ניט אָפּגעלאָזן. איך בין געווען דאָ אַליין,
אין זיינע הענט; האָט ער מיך פעסט געהאַלטן און אַרויסגעוואָיעט־גע־
מקאַוואַטשעט, באַטאָג, באַנאַכט, אָן אויפהער... נאָך האָב איך געקעמפט,
דר., מיט דער לעצטער ספּאַזמאַטישער פאַרצווייפלונג. אָ; איך בין גע־
בליבן נישט ווינציקער איינגעשפּאַרט־פאַרביסן, ווי מיין טייוול אַליין! איך
האָב אים געהאַלטן פאַר די הערנער פעסט און צו אים געשריגן: „— עס
איז אַ קלאָג צו דיר, וואָס דו האָסט גראָד געדאַרפט אָנקומען צו מיר. דו
האָסט ניט געטראָפן דאָס אָרט, ברודער! באַ אַ אַנדערן, אפשר, וואָלט דיר
ווידער אַלץ געווען אָפּגעגאַן גלאַטיק; וואָלטסטו געווען געלעבט אַ טאָג
אָף דער וועלט; דיינע יאָרן אַזוי שוין געווען אויסגעלעבט, אין דיין
ווילדן געניום — אַקוראַט ווי עס איז דיר געגאַנגען, ביז דאָ נישט לאַנג
צוריק, באַ מיר אַליין: וואו דו האָסט אָנגעפירט פאַרוואַלטעט... אָבער —
נישט ווייטער מער קיין איין שפּאַן אפילו! דו הערסט? מיר זענען זיך
צעגאַנגען, הונט! — דו — אָף דיין וועג: אין דער לאַך, אין דער
פינצטער, ווי עס פאַסט פאַר דיר; איך — אָף מיינעם. פון אַצינד
און ווייטער, פיר איך אָן מיט מיין ווירטשאַפט. נאָר דו — ליג
איין אין דער קאַנורע!...” און איך האָב אים אַריינגעשליידערט אַהין
צוריק — אין זיין ווי..., פונוואַנען ער איז געקומען. אַליין, הײ... אױך ...

גענומען צו מיין ארבעט — שטרענג פארביסן, ווי געווען. איך האב געארבעט און צו זיך אליין אייגגעטענהט: „— געפארן אין דער וועלט איז בלויז דער שרייבער. אוועק, איבער ימים, צו נייע האריזאנטן... קעמף און האב האפענונג!...” איר הערט, דר.? איך זאג אייך: מיט מיר גראד וואלט געווען געקאנט געשעען דער נס פון באפרייונג. איך בין ווירקלעך געווען שטארק און דעצידירט — אפצוהאקן דעם נאפל פון מיין עבר! דער טייוול אין מיר איז באניים געווען געשלאגן און מיר נישט געשטערט מער; (אזוי האט עס אויסגעזען...) — ווען נישט מיין פאטאלע פארברעכערישע און, ווי איך אליין וויל האבן — זעלבסטמערדערישע (הגם איך, אין מיין טעות, האב זי גאר אנגערופן — מענטשלעכע) בענקשאפט צו דער היים... איך האב נישט איינגעזען אין דעם קיין שום שלעכטס. נישט אנגעהויבן פילן די געפאר — וו ע ר עס בענקט... „— א י ך, ד ע ר מ ע נ ט ש , בענקט!...” איך האב גענומען ארויפברענגען אין מיין דמיון, אין מיין שאפן — טיפן, בילדער, געשטאלטן פון מיין הארצן; זיי אפגעקליבן, אמת, זארגפעלטיק; זיי סעלעקציאנירט, געמענטשלט... „— געוואלד, גאט! איז דאך די היים געווען אזוי גרויס און דערהויבן, הארציק טייער מיט אירע הימלען מיט איר לעבן — א ו י ס ע ר די פרויען?! און ס׳אנדערע: זענען דען פרויען — ניט קיין מענטשן?! צוליב וואס — אזא וויסטע אומגליקלעכע שרעק?!. אנו, באווייז, אדרבה, מענטש — ווי דו האסט זיך, מיט אן אמת, באפרייט!.....” און איך, דער הינטישער מנוול, האב געפאלגט. און איך האב אליין גענומען בידים און באניים פארווארפן אלטע, א, אף אייביק שוין געהאט „פארברענטע” בריקן צו דער היים... (געעפנט ווידער די דאמבע צו מיין פינצטערן צעבושעוועטן תהום...)... איז דאן דער ערשטער ווידער אפער פון דארט דער פארבענקטער שווארצער מאכנאטער טייוול; דער אויפגעשווילענער אין זיין צארן; באשטיגן די בריק; אף אלע פיר, זיך דערנעענטערט צו מיר, מיט זיין בלוט־פארלאפענעם בליק, מיט זיין צעלעכצטן פארגעם פיסק... „...איך בין דא... ד ו ! האסט מיך גערופן?!.”

— ...און שוין, דר. דאס איז געווען דער סוף. די מינוט פון מיין פאלן..... געכאפט אף מיין שרעקלעכן טעות, — האב איך מיך א לאז געטון צו אים — אין מיין לעצטער אומכאכט: „— עס זאל זיין מ יי ן טויט מיט ז יי נ ע ם צוזאמען!...” גאר, דאס איז שוין געקומען — צורשפעט, דר.; און עס איז געווען — די מינוט פון מיין ארופקוילערן זיך, מיט מיין טייוול צוזאמען, אין דעם אפגרונט... א, איצט האט ער מיך שוין ניט אפגעלאזן מער. פעסט געהאלטן אין זיינע לאפעס. מיר געהעצט אין צורה זיין דומפיקן דעך... „— דו! מוזט גיין מיט מיר צוזאמען. מיך אויפהאלטן. ווייל איך וויל הולטאיעווען... איך, וועל דיך ניט אפלאזן מער. נישט לאזן ארבעטן. וועסט ווערן אויס מענטש, סיי־

ווי... אָבער, א ז ו י — וואָס אַרט דיר? קום, עס וועט דיר ניט באַנגטון, נאַר! וועסט אַנטאַפּן דאָס לעבן בא דעם גראָבן פליש, בא דעם זודיק־פליש, בא דער פּולקע... אָ! וועסט ערשט ווערן אַ שרייבער, ברודער!... א י ך וועל הנאה האָבן — און ד ו וועסט ש ר יי ב ן... אָ; עס וועט אונז ביידן גיין גוט, ווי די וועלט!...״

— ...אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן, דר., דאָס נייע לעבן מיינס, אין דער נייער וועלט. איך האָב גענומען לעבן — אויסשליסלעך פאַר דער פּעסט. איך: וועלכער האָב שוין געהאַט אַנטדעקט — אַז אין מיר צאַפּלען צוויי לעבנס, צוויי באַזונדערע וועלטן, אַ ווייסע און אַ שוואַרצע, מיט באַזונדערע וועלדער, גערטענער און ישובים, —; איך: וועלכער האָב שוין געהאַט אָנגעטאַפּט די גרעניץ צווישן די דאָזיקע צוויי פּיינטלעכע וועלטן, געזוכט זי צו פאַרמויערן ביז אַ צייט, געהאַפּט אָנצוזאַמלען מיין ליכטיק חייל געגוג, אום צו אינוואַדירן דאָן דעם חושך און אים פאַרלענדן, איבעראַל אין מיר איינשטעלן די נאָבעלע מאַכט פון מיין ליכט, — איך האָב גאָר, מיט מיינע אייגענע הענט, געבראַכט צום פאַרקערטן; אַליין געעפנט די גרעניץ פאַר דעם חייל פון דער נאַכט — עס זאָל מיך פאַרפליצן; מיך, דעם קעניג, נעמען געפאַנגען אין מיין ווייסן הויז — מיין פּאַלאַץ: וואו עס הערשט איצט דער פינצטערער אומפאַרשטעלטער אַשמדאַי און דיקטירט פאַר מיר — זיין טרייען דינער, די באַדינגונגען פון פּאַראַט און שענדונג..... נו, זאָגט אַליין, דר.: דאַרף ניט קומען אַ מפּלה אויף מיר — צו וו אָ ס איך האָב דערפירט?!

— ...איצט — לעב איך און איך שרייב, ווי קיינמאָל. איך האָב אויפגעהערט אַפילו מיך צו שרעקן פאַרן טויט — ווייל איך ווער דאָך א ו מ ש ט ע ר ב ל ע ך! איך נעם און איך פלאַנץ אַריבער מיין גייסט — אין מיינע ווערק: וואוהין עס קומען מענטשן אַזויפיל — נעמען זריעה פאַר זייערע לעבנס־קוואַלן. און אַזוי אינפעקטיר איך די וועלט...

— ...„אַ, איך ליב דיך! — טענהט זיך אוים מיט מיר טייוול־כאַאָס, דורך די נעכט, און ער פאַרשפּרייט איבער מיר זיין שוואַרצן נאַכט־טוך — און איך וויל דיך פאַר מיר אינגאַנצן; מער פאַר קיינעם... דו ביזט — די געליבטע מיינע, מיט וועמען איך לעב, איך האָב הנאה, איך גענים; און איך וועל דיך ניט באַפרייען. אומזיסט די מי... דו, קריך נישט נאָך קיין דאָקטוירים... וואָס קאָנען זיי דיר געבן? דו ביזט — אומהיילבאַר... פ אַ ר מ י ר...

— ...„דו, קום בעסער, צינד אָן דעם רויטן בלוט־לאָמטערן פאַר דיין הויז; עפן זיך אויף — בורדעל, מיטן פענצטערל צו דער גאַס; ברענג אַריין אַ פרוי; גאָר — יונג און שיין זאָל זי זיין; זיס און הכנעהדיק, איך

ליב; וועלן מיר איר ביידע — ווי אַלטע געניטע שאַלטיקעס — נעמען שלינגען, פּייניקן; געניסן, ווי עס געהער..."

— ...און איך האָב מיך באַניים גענומען אומטרייבן — ווי אין דער יוגנט, אין מיין היים — נאָך דער מיידל־וואַנטורע פון אַמאָל... געזוכט, געגישטערט, קאָנטשאַפּטן געשלאָסן; וואונדערשיין־באַצויבערנד דעקלאַמירט פאַרן שיינעם מין; געשיקערט, גערייצט, אָנגערעגט צו זינד. איך האָב אומגעבלאָנדזשעט איבער פּלאַסעס, איבער בולוואַרן, איבער פּאַרקן; דאָרט, וואו די אומשולדיקע קינדישע יוגנט קומט זיך שפּילן, שפּאַצירן; האָב איך געזוכט דעם נאַיוון פאַנג צו טרעפן... מיך געשפּאַרט אומעטום אין דער ענגשאַפט, אינעם גערדענג — וואו עס איז נאַטירלעך: אז אויך ווילד־פרעמדע קאָנען אָנקומען אומגעשטערט...

— ... „— איר ווילט אַדורך? — האָט זי, די נאַיווע צעשפּילטע מויד, געפּרואווט אָפּגיין, אין אָפּשיי פאַר מיין עלטערן ערנסטן אויסזען...

„— יאָ... דורך ד י ר, טייערע..." און איך בין געגאַנגען ווייטער זוכן מיין רויב...

— ...איך בין, איינמאָל, זומער־פאַרנאַכט, אין אַ בולוואַר, פאַרביי־געגאַן אַ באַנק: וואו אַ בלאָנדע יונגטלעכע — אַ ק י נ ד נ אָ ך, פון אַט דעם וויל־ן סאַרפעדיקן לאַנד — איז געלעגן אויסגעצויגן; אויסער זיך; זי, די עלנטע די אומגליקלעכע, האָט שוין נישט געקענט איבער־טראָגן מער; האָט עס איר — אין דער שפּעטער פאַרנאַכט־שעה — אַרויס־געטריבן פון איר היים: זי זאָל גיין אַרער — אַליין! ווייט, אָן חברטאָרנס, אָן קיינעם; אָ, אויסשפּרייטן איר ליב, ווי די פּרוי... „...הער..." האָט זי מיך, דעם אומבאַקאָנטן מאַן, גערופן, מיט אַ ציטערדיק געבעט אין אים שטים...

— ...איך בין ווייטער געגאַן; געזוכט, געגישטערט נאָך רויב... און אַז מע זוכט, געפינט מען... איך האָב איר, ענדלעך, אָנגעטראָפן, דער ריכטיקער הור — ווי ווערליק אָנגעמאָסטן פאַר ד ע ם לאַנד און פאַר מיר... געווען איז זי — אַ פיינע טאָכטער פון אַ פיינער שטוב. איך בין מיך צוזאַמענגעוואַקסן מיט איר; מיך מיט איר אידענטיפיצירט; איר אַריבערגעפלאַנצט אין זיך; איר געמאַכט פאַר אַ טייל פון מיין א י ך... נאָר, זי האָט עפּעס אַנדערש פאַרטראַכט. און בעסטיאַליש פרעך — טאַקע נאָר, ווי זי אַליין האָט געקאָנט — מיך גענומען פּייניקן בלויז פאַר דעם נחת וועגן פון דער פּיין אַליין... זי האָט צוגעזען: ווי איך גיי אויס נאָך איר בושה־ליבע, —; און זי האָט פרעך געקנאַקט מיט די נאַקעטע פאַר־שאַרצטע פיס, מיך גערייצט; און נאָכהער — אירע צווייגישע פיס צוזאַ־מענגעדרענגט, שטום־פאַרביסן זיך געראַנגלט מיט מיר, מיך פאַרשטויסן... דאָס האָט געוועקט אין מיר — שווידערלעכן האַס צו זיך אַליין; צו איר אויסגעוואַקסן [illegible]... איך בין נישט געווען מער [illegible] מיט [illegible]

איך בין געווען — אומגליקלעך צעריסן צעשפּאָלטן אַף דער העלפט; און דאָ איז זי — וואָס האָט אויפגעפרעסן מיין האַלב לעבן — געזעסן אין מיר און מיך טייפלש געטרייצט... איך האָב גענומען אומקויפן, ווי אַ מטורף און זידלען שעלטן זיך אַליין; אָדער, ריכטיקער — איר טייפלשן קרעבס אין מיר; איך האָב ערנסט גענומען פאַרטראַכטן: ווי אַזוי איר אומצוברענגען אין מיר. אַ סוף מאַכן צו מיר מיט איר אײנגייענעם!...

— ...דאָס וואָלט, אפשר, געווען דער גלייכסטער אויסוועג... איך בין געווען מיד. נישט געהאַט קיין געדולד מער צו דעם צירלעך־מאַנירלעכן לעבן..... נאָר ער — דער טייוול, מיט זיין אומענדלעך־אומדערזעטלעכער ליבע צום אוניווערסאַלן פרויען־לייב, — האָט זיך געכאַפּט באַצייטנס אַף מיין אַפּערע און נישט דערלאָזן. ער האָט מיך באַנייס אַ געם געטון פּעסט אין זיינע לאַפּעס; מיך געצוואונגען ראַפּטעם איבערצורייסן מיט אַלץ — וואָס דו באַגעגנסט אָן אַפּן וועג; „— צום טייוול מיט דער אָנשטענדיקייט, מאָראַל, פּאַסקודסטווע, היפּאָקריטסטווע!...” מיך ראַש אַרויפגעפירט, אָ, אַפּן פרייען אומענדלעכן צעהפקרטן שליאַך... מיך אָנגענומען און אַריינגעשליידערט, מיטן קאָפּ גלייך — אַליין מיט מיר באַלד נאָכגעשפּרונגען — אין פּלאָזמאַטישן צעזאָדענעם ים פון ווילד־צעיושעטן דעלירױם; אין דעם ביליקן זנות פון דער גאַס; וואו דו זינקסט, מיט דער נאַקעטער זי — הפקר־־צעבושעוועט אומגעשטערט, ווילד, אומגעצוימט, רישעותדיק, באַצווינגענד, צעפּייניקט, פאַרצווייפלט; אָ, אין דיין לעצטן אַנגסט־ספּאַזם — בעפאָר עס לאָזט זיך אַף דיר אַראָפּ די אייביקע אומ־מעכטיקע נאַכט...

— ...„דיין גורל אַזאַ, פּונקט ווי מיינער, הפקר־מויד; אָ, אומגליקלעכע עלנטע צויג, פּונקט ווי איך... זיי ניט טרויעריק. דערפריי מיין ליבע, מיין עלנט, מיין טרוים; דעם טייוול מיינעם, וואָס האָט דיין צעפּייניקט זיס־צעפרעסן לייב אויסדערוויילט פאַר זיין פּיין...

— ...„איז: צום טייוול — מיט דער וועלט, מיט די דאָקטוירים־היילער; מיטן גאַנצן לעבן, וואָס באַבראַקעט אונז — אַזוי איידלפרעך, און פאַרטרייבט אונז...

...עס וועלן איבער אונזערע צעפלאָמטע קעפּ שוין נישט פלאַטערן
מער קיין פאָנען;
נישט עס וועלן מחנות קומען אונז באַגריסן, נישט עס וועט אונז
עמיצער אַמאָל דערמאָנען...
...טאָ, קום, לאָמיר אים דינעןביידע, דעם טייוול — טריי־וואָנזיניק־
פאַרצווייפלט מיט פרייד!

טאָ, קום, לאָמיר פאַרטרייבן דעם טרויער  ד ע ם  א ו מ ע ט,  פון אים — דעם אַלט־צעפּרעסענעם וואַנדאַל;
אָ, לאָמיר אים פאַרזיסן זיינע לעצט־דערלעבטע טעג מיט טייפלש־זיסע רייד;
ביז, ער זינקט, אַף אייביק שוין, אין אונז — אין דער קלאַאַקע — זיין אידעאַל...

---

ב. איירעס, 1945, דאָס יאָר פון נצחון.